מיין טאטן האָבן אָפּגעטאַרט גאָט און מענטשן,
און די זאך איז אזוי געשען:
ווי קיינער ניט, האָט מיין טאטע
די מענטשן ליב געהאט.
און ווי קיינער ניט, האָט ער געגלייבט,
מיט זיין גאנצן וועזן,
אין זייער אויסגעטראכטן גאָט.

# באפרײַונג

## ארײַנפיר

כ׳האָב אים געפונ׳ען
אויפסנײַ
ער איז גןעשווימען אין טײַך
פון בעטהאָווענס סימפאָניעס
ווי א גײַסט.
און זײַן שטימ׳ע האָט געכוואליעט
טרילן אין רוים
ווי א דיטיראמב,
אן אראָפגעשטיגענער
פון מײַן קינדהײַט.

אין מײַן אויג
באפרײַט
פונעם צודעק פון לײַם,
האָט זיך אָפגעשפיגלט
דער גאָלדענער אָקעאן
מיט פלאטינינעם וואסער.
אין וועלכן ס׳וואשט זיך דאָס פנים
דער באגינען
און ס׳שוועבט אויס די זון

איר אָנגעטועכץ פון ליכט.
און מיין אויג,
געשלאָגן פון זיין העליש־פייער
איז געוואָרן פארבלענדט.

אָט, זיצט ער
איינגעהויקערט
ביי דעם שרייב־טיש
צווישן ביכער און סקריפטן.
מיטן שטערן,
א הימל באלויכטן, מיט אויגן,
ביז צו דוער טשערעדע אותיות
געבויגן.
ס׳גריבלט דעם רוים
דער געדאנק,
ווי א וואָרעם דעם שטויב.
ס׳דרינגט דורך דער געדאנק
ווי אן אָדלער
דעם הימל.
ס׳קנעט זיך אויס
פון הימל און ערד
א רוי־טייג,
זיי צינדן זיך אָן,
אין אָנגעהיצטן אויוון
אין גיהנום,
און לעשן זיך אויס
אין זילבערנעם טייך.
אין גן־עדן,
ביז ס׳ווערט געבוירן דער געדאנק —
ריינער קרישטאָל.

ס׳שפּייזט דער פאַרשטאַנד,
אין ווילדן געלויף,
טויזנטוער עטאַפּן,
דער מייסטער
מיט פינגער פאַרשטאַרטע אויף די קלאַפּן
רייט,
אויף פליגלען, פאַרשווימטע פון כוואַליע.
און שווימט ווי א וויכער
אין דעם ים פון שטורעם,
אין דעם ים פון אומזין,
ער זאָל זיך מער קיינמאָל ניט
אומקערן צום ברעג.

ס׳שפּילט דער פּיאַן שטורמיש,
דערוואָרגן...
ס׳מוטשעט זיך לאַנג
א פאַרשידענער זיפץ.
וועגן וועמען? וועגן וועמען?

וועגן מענטשן
געטריבענע אין שולדיקייט, אין ליידן?
צי וועגן א שיינהייט מיט גאָלדענע האָר?

אין פאָרכט און אין אומרו,
צאַפּלט דער שילער,
אין קאַמף אויפן טויט,
אין קאַמף אויפן לעבן,
וואָס וועט זיין אים באַשערט?

אויב קאמף וועט געדויערן א דור,
אן אייביקייט,
וועט ער פאַרט אַנשרייבן
דאָס ניט געענדיקטע ליד.

און די פעדער רירט זיך, א געשיקטע
אין די זייטלעך.
ס'פארפולט זיך דעם זעניט —
אַקוואַנען מיט בילדער.

ס'איז ערב־זומער,
טייכן און טייכלעך
צערייסן,
די ווייסע און קאלטע קאַלדערע
פון אייז
און זיי דערהייבן געזאנגען
ווי נאקעטע טענצערנס,
וואָס פלאטערן אין גאַזעס[1]
דעם דראנג צו דעם לעבן.

ס'איז ווינטער
ס'לויערן וועלף, דער שטורעם־ווינט ברומט
ציטערן שאָף אנטשלאָפענע
אין דערפער.

ס'איז טאָג.
ס'שפילט זיך די ליכט מיטן גאָלד,
ס'איז אָוונט.
ס'לייגט זיך די בין אויף דער בלום.
ס'איז אין פארהאמערטן גאָרטן.

[1] שלייערס

די מימאָזןע צעשפרייט אירע פּעטאַלן,
און די קרינעץ
שלאָפן איין אין מיטן העלן טאָג.

ס'איז אין הימל.
ס'וויינט א מלאך
ביטערע טרערן.
פאלט פון די הויכן
א רעגן מיט שטערן.

אויף ערד.
געשטאלטן געשפיגלטע
אין לבנהשן צוויבער.
שאָטנס געריבטע
דעם זוניקס פייער,
טאנצן,
דעם טאנץ פון שפּאָט און פון אייפער,
ווי זויבערע און אומזיניקע
יונפרויען...

פון ימען
דערהייבן זיך רופן,
און ס'לויפן —
די וואסער באשעפענישן
פונעם ליד זיך צו פּאָיען.
אין וועלדער.
שעפּטשעט מעלאָדיש דער קוואל
וואָס פארשכורט דעם בליק

און צערטלט דעם אויער.
און אין געדאנק
בליצט א פונק
אָנגעצינדן
פון טויזנטער און טויזנטער
רעגנבויגנס.

פאָראויס !
קלינגט אויס, דאָס נייע
פארצויבערטע ליד.
ס'דערוועקן זיך די מאסן
ס'שפרייזן
די פעלקער פון דער וועלט
מיט גיגאנטישן שפאן,
דור מיט דור שפרייזן זיי
פאָרויס !
א גרימאסע.
אויפן טיש האָט די מאסקע
פון דעם אומשטערבלעכן מייסטער
געשמייכלט —
און ס'דונערט פון זיין אויסגעקרימטן מויל.
א געשריי.
אָבער די פעדער
פון זיין האנט
האָט קיין שוידער געטון.

באנאכט
א מיידל,
מיט נאקעטע פיס,

מיט חוצפה
האָט די הייליקע זייטלעך
געטרעטן.
און אין חלום באַווייזט מען אים:
ס'אַ פּשוטע מעשה...
ווייל ס'איז מער נישט געבליבן
אַ וואָרט צווישן שורות
און ס'מער נישט געבליבן
אַ שורה נישט פאַרשוועכט.
שפּילט דער פּיאַן דעם אַריינפּיר
דעם לעצטן.
ס'כאַפּט אָן אַ ציטערניש די ערד,
אויף אייביק פאַרשווינדן
די פּוסטע לידער
פון דער צייט...

אין רוים באַווייזט זיך
אָנהייב און ענדע פון אַפּאָקאַליפּס...
געבליבן איז אָפן
דאָס 66־טע זייטל
פונעם בוך.

אין דער ווייט, אין דער ווייט
אין פאַרוואָפּענע דערפלעך
מיט אוליצעס[1] שמאָלע
הערן זיך
די דוינעס פון הונגער,
די דוינעס פון דורשט
און די פערזן,
פאַרגרוילן, פאַרגרוילן די וועלט...

[1] אוליצעס — געסלעך

# דער חרם

שוואַרציע נאַכט,
אויגן,
האָר
און קערפּער
שוואַרצע.
ס'האָט זיך אָפּגעריסן
פון א געצעלט
א טונקל געשטאַלט
פארהוילן
אין א רויך־גאָזע.[1]
די לבנה האָט זי נישט באַלויכטן,
די נאַכט־הינט האָבן נישט געהאַוקעט.

..............................

ס'געלעגן
דאָס איינגעשלאָפענע שטעטל
אין נאַסן איבערבעט
פון בלאָטע,
און האָט געטוליעט
צו זיין קאַלטער ברוסט
די שטובקינדער
פונעם כלל.

[1] שלייער

און דעם אויבערשטנס דעך,
דער ווינט,
האָט זי אויך געגעמען גרייטן
צו דער שבתדיקער רו.

נאָר דאָס קליינע הייזל לאהס
לייכט נאָך אינעם שטעטל.
ס׳זיצט,
די איינגעבויגענע אלטע,
און שטריקט זאָקן
פארן נישט־גוטן
מיט פלייס...
אין דריי טשערעפענע לייכטער
צאנקען
דריי ליכטלעך,
א געדעכעניש:
איינער
וועגן רבי יואלן
דער לייענער אין שטערן,
איינער
וועגן זון מירעל,
איינער
וועגן אשמדאי.
ס׳זענען דרייצן יאָר
אוועק.
און מ׳זאָגט:
אין שטעטל
האָט א ציגיינער־כאָפטע
צוגעגנבעט
די קליינע מירא.

די אלטע לאה
נאָך געדענקט
אין יענער נאכט
ווי אזוי, זי איז געשלאָפן אן אויפגעדעקטע
און האָט געלאכט און געוויינט.
און האָט געלאכט און געוויינט,
ווער ווייסט, וואָס זי האָט געחלומט...

איין מאָל
ווען רבי יואל
האָט דערהויבן
אין מיטן דער נאכט,
דאָס געבעט פון נייער לבנה,
האָט מען אים געוויזן
ווי אזוי
ס׳איז אראָפגעפאלן א שטערן.
און נאָך אים האָבן זיך אויסגעלאָשן
אנדערע צוויי...

ס׳האָבן טרויריק
געשאָקלט מיט די קעפ
די אלטע לייט פון שטעטל.
און רבי יואל האָט געגעבן נדבות
צו א באניקל[1]
יעדן טאָג.

[1] באניקל — א גראָשן

דערנאָך
האָט זיך, דער שיקזאַל אים געענדיקט,
ביז ס'האָט געענדיקט זיך דאָס יאָר.

...........................

דאָס לעצטע ליכטל פון לייכטער
לעשט זיך אויס.
און אין דעם פינצטערן תהום,
א שטן
מיט וואַרעמע אָרעמס,
דעם גוף פון דער מוטער,
דריקט צו.
ליפּן ווי זשאַר. אירע אויערן בריען.
און שעפּטשען פאַרשפּרייטן א וואָרעם־געזונג:
— ווו איז דער טאַטע? ווו איז די מאַמע?
ווו זענען די ביכלעך, דאָס טיכל,
דאָס רינגל?
ווו איז דער ברודער? ווו איז דער זיידע?

די צונג פון דער אַלטער מוטער
פאַרשטומט.
די שטימע פון דער אַלטער מוטער
פאַרשווינדט.
און אירע אויגן גלאָצן:
— וועלכע איז דאָס אמתע פאַרלוירענע מיידל?
— און וועלכער איז איר פאַרבלאָנזשעטער גייסט?

א בליץ
האָט א לייכט געטון העל ווי דער טאָג
און האָט איר ארויסגעיאָגט
פון גוף דעם שגעון.

— קלײנינקע מירא.
קלײנינקע מירא.
נעם אָן דעם גזר
געגעבן פונעם הימל
און זעץ דיך
לויט דעם געזעץ,
אויף דער ערד.
די טויטע צו באקלאָגן.

גאָט האָט געגעבן.
גאָט האָט גענומען.

...................

פארוואָלקנטע טעג,
פארנעפלטע נעכט,
גײסטער גזלנים
גײסטער תלינים.
װעלכע קומען, װעלכע גײען
װעלכע קומען, װעלכע גײען.
אין דער אוונט־צײט.

— דאָס איז די שטוב, דאָס איז דאָס שטעטל
אזוי פיל געחלומטס ?
ס'האָבן געטרערט
די װענט, קראנקע פון שימל.
און מיט זײ האָט געװײנט
מיראס יונגע נשמה
װי ס'װײנט א כלה —
א שלײער פון פעך[1]...

ירנדיק־לײשזילבער

מיט
צעריס'ענע
קליידער
מיט
געלע
אויסגעזויגטע
ג'עזיכטער
און
נידעריקע
אין
געשטאלט.

זעניען געקומען די שכנים
רעב יאָס'ע, רעב חיים
רעב חיים, רעב יאָסע,
זענען אריין און ארויס,
זענען אריין און ארויס.

גאָט האָט געגומען,
גאָט האָט געגובן.

# בײַם טויער פון אומשטערבלעכקייט

כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין טויער פון אומשטערבלעכקייט
איך זאָל אויפוועקן די זינגער פון דער וועלט,
כ׳זאָל קלויבן פון זייערע הענט
די אותיות פון ליבשאַפט.
און כ׳האָב זי געפונען אָנגעשטעקט
פון שוואַרצער נאַקעטקייט.
ליגנדיק אין איינשלעפערונג פון לײַם...

און איך האָב געכאַפּט די זינגער פון דער וועלט
מעסטן דורות,
מיט פּאַרוויאַנעטע בלעטער־פּאַפּיר
און מיט גראַמען.
מיט זייערע אויגן־שטעכערס פון פעלדז,
ציילנדיק
שטערן דערטראָנקענע אין דער טיף
פון בלאָקייט.

כ׳האָב דערנאָך געזען די וועלט־זינגער
דרייטענדיק דעם וויי,
און די ליידן פון דער מענטשהייט.
וועגנדיק מיט שטיקער גאָלד,
טרערנדיקע אויף דעם קבר
פון א יעדן טראָפּן בלוט
און אויף דעם שטערן פון דער פּיין
פלעכטנדיק לאָרבער קראַנצן.

און כ׳האָב זיי געפרעגט:
זינגער פון דער מענטשהייט,
איך הער אייך אויסשרייען;
ס׳איז הונגעריק די וועלט!
ווער אויסשרייט אייער הונגער?
און וועמען טוט ער אַרן?
איך הער אייך באַזינגען
דער וועלטסט ווייטיק.
אייער ווייטיק ווער באַזינגט?
און זיי האָבן געענטפערט:
— מיר זענען די וועלט!

און כ׳האָב זיי געפרעגט:
זינגערס פון דער מענטשהייט,
וועלכער איז אייער געצאָלטס,
וואָס איר ברענט אייערע לייבער
אין א פרעמדן גיהנום.
וואָס איר לעקט יעדנס וווּנד
און איר זויגט יעדנס בלאָטער,
פון אייטער
און פון גיפט?
און זיי האָבן מיר געענטפערט:
— מיר זענען די מענטשהייט!
און זי איז קראַנק,
ס׳זענען פאַרלאָשן אירע אויגן
און ס׳זענען שווער אירע טריט.
אויב מיר וועלן זי באַטריגן
וועלן מיר זיין באַזיגט
אויב מיר וועלן זי באַזינגען,
און אומקומען,
וועלן מיר בלייבן אין איר פאַרשטאַנד.

# נאכט־אונטערגאנג

אין נעפל
פון צוקער און האָניק,
האָט זיך צעטאָפּעט
דער זיס־סענטימענטאַלער־פּאָעט.
און זיינע גילדענע לאָקן
זענען אומגעקומען
אין פלאַם פון דער גאָלדענער זון.
און זיין ציכטיק געזיכט,
האָט זיך איינגעקריצט
אויף דער לבנה־זילבער
ווי א מעדאל.

צווישן פאלדן
פון פריסטערינס קליידלעך
האָט זיך פארלוירן
זיין ווילד־הייסער בליק
און זיין געדאנק,
צעמישט,
פון יונגפרוישן שמייכל,
איז זיך צעגאנגען
אין דראנג פונעם געשלעג פון פליגלען —
פון ענגלען.

אין די צווייגן
פון די באָרוועס׳ע גערטנער
האָבן זיך פארפלאָנטערט

די ווידערקולות פון זיינע קראנקע פארשלאפטע געזאנגען
און זיין קרישטאַליענע שטימע
האָט זיך צעקרישלט
אין די טשערעפּעס פון די צויבערנע טייכן.
און זיין שטראלן־קרוין,
אָנגעשלאָגן מיט נאכט־שטערן אויפן קאָפּ
איז אונטערגעגאנגען.

# איך שטיי פארדולט

איך שטיי פארדולט
ביי דער שוועל פון דער יוגנט
פארצויגן מיט קראנצן
פון רויזן און קרינען.
און די טריט זענען שטיינער,
זאָלן אדורך גיין ווייטער
פון די בלומען פון ליבן
איך קען שוין נישט ווייגן
איך קען שוין ניט מער,
ארויסברענגען קיין קלאנג.
דאָס הארץ איז א פעלדז,
די נשמה איז פארשטיינט...
שטיל... שטיל...
ס'שפאלטן זיך
שפיצן פון בערג
און ס'ציטערט די ערד.
ביז אין די גדערעם.
שטערן צעטיילן זיך.
און פאלן.
די זון ווערט פארטונקלט
און שטארבט.
וועגן איין און איינציקער האָר
און א שעפטש פון דער באלאדע.

נעבן מיין פענצטער,
א בוים

פארדאָרבן פון דער צייט,
פרווט צו געפינען
פון מיינעט וועגן
א טרייסט.

שווייג! שווייג!
אויף דיר ווארטן נאָך
אנדערע פרילינגן.
מיינער
איז אן איינציקער פרילינג
וועלכער פארגייט.

יוגנט, יוגנט.
כ׳וועל נישט אריבערטרעטן
דיין געבלומטע שוועל.
איך וועל שרייען און מיך ווערן...
יוגנט
כ׳וועל ווערן אין דיין פייער פארברענט.
יוגנט, יוגנט.
כ׳וועל נישט אריבערטרעטן
דיין געבלומטע שוועל.

# אויפרוף

הונגעריקיע קומט!
וויפל צייט אייעריע צעקאליטשעטע פיס
טועז אייך נאך טראגן
און נעמט ווי א זאק־רויב פון שלאכט
און דערנערט אייך
דעם פון הונגער אויסגעזויגטן מאגן —
מיט ברויט און מיט פרוכט.
פון די אנענדלעכע גערטנער און וויינשטאקן.
און פון די תבואה־האמבארן,
הונגעריקע קומט!
שטייגט ארויף אויף די הויכע הייזער
מיט שויבן
ווי פיינטלעכע אויגן
און קוקט
זיי זענען פול מיט פארמעגן,
זענען פול מיט טייערע צירונג,
וועלכע רופן אייך ארויס
פון אייערע פארדארבענע צעלטן.
הונגעריקע קומט
באנאנד מיט אייערע קליינינקע קינדער,
די נאקעטע און בארוועסע,
איר זאלט זיי אנטון
אין קליידער באהאלטענע אין רייכע געוועלבן.
און איר זאלט זיי דערציילן
אייערע קינדער
וועגן אייך די אונטערדריקטע. ארבעטער,
ארבעטער פילצאליקע...

*1937.*

# די קורצע באלאדע פונעם מענטש

ס׳האָט אראָפּגעשטיגן דער מענטש
פון דעם מוח פון די בערג —
פון דער יצירה.
און האָט געריטן אויף דער ערד
וועלכע ער האָט פארשקלאפט.
און האָט געריטן אויף דער ערד.
וועלכע האָט אים פארשקלאפט.
און פון מענטש
האָט זיך אָפּגעטיילט
דער מענטש
און מענטש מיט מענטש
האָבן זיך געקאמפערט
און מענטש
האָט דעם מענטשן
באזיגט.

און פונעם זאקרויב
איז ארויסגעקומען
די קראפט און די קרוין
וועלכע ס׳האָט גערויבט
דער גרויסער
דעם קלענסטן.
וועלכער ס׳האָט געריבט

דער שטארקער
דעם שוואכסטן.

און דער מענטש איז געוואָרן
דער האר פון׳עם מענטש.
און דער מענטש איז געוואָרן
דער שקלאף פון׳עם מענטש.

# דער שקלאַפן־פּלאַץ

דאָ,
אין דעם שקלאַפן־פּלאַץ,
רעגירט דער „שמאַטע־מענטש"
— צווישן צווײ קילאָגראַמען שטיוול־קויט
און אַ געלאַטעטע שאַפּקע
מיט אַן אָפּגעריסענעם דאַשיק —
אין קאַמף מיט דער נויט...

דאָ,
אין דעם שקלאַפן־פּלאַץ
דער „שמאַטע מענטש"
אין זײַן וואַרטן,
אויף די הערן
מיט די רונדע בײַכער,
פֿאַרקויפֿט ער זײַנע טעג,
און זײַן ווײַב און קינדער,
אין ראַטן.

דאָ,
דער „שמאַטע־מענטש", אין דער שקלאַפן־פּלאַץ,
בײַם זוכן,
אַ קאָזשע פֿון ברויט,

איז פריי,
זיך אויפצוהיענגען
און שטארבן ווי א קריי...[1]

*1935.*

[1] מלך

# עפּיטאַף

אין וועדקשטעל
האָט ער געשפּיגן
מיט סאַזשע און מיט קויל
און אין שווינדזוכט־שפּיטאָל
האָט ער געהוסט
און געשפּיגן מיט בלוט.
ער איז געשטאָרבן אין א טאָג
ווען דיביימער האָבן געצוויט...
און זיין לעצט וואָרט
איז געווען:
מ׳זאָל אים אריינלייגן
א האמער אין גרוב.
ס׳האָט אים נישט קיינער
באוויינט.
און ער האָט נישט געקריגן
אין קבר קיין רו.
און ס׳האָבן אים ווערעם געשאָלטן,
ווייל ער האָט פאַרמאָגט
צו ווייניק פלייש...

*1935.*

# דער היטער פון דאָרף

א פליגל א שוואַרצער
לאָזט זיך אראָפּ
אויפן וועג מיט צעטאָפּעטן שניי.
און פארקערט אין דעם רוים
א שטראַל פון לבנה
פארבליבן אויף ווייסן געשפיגלט...

פון די בלינדע פענצטער,
רייסן געליע פּעדעם זיך אָפּ.
אין דער קויטיקער נאַכט
איז די שטילקייט פארפולט.
מיט ווידערקולות טויבע, און געוואָי פון וואָלף.

אין דעם נאַסן שטרוי, פון א צעבראָכנעם קאַסטן,
ראַנגלען זיך און האַווקען נאַכטישע הינט.
ס׳ציטערט די קעלט,
ס׳פייפט צו דער ווינט
און דער היטער פון דאָרף.

אליין איז דער היטער,
מיטן שטעקן אין דער האַנט אויף דעם פוסטן וועג
און אים מאַטערט א געדאַנק
ס׳איז קאַלט אין דער היים,
ס׳וויינט אים דאָס ווייב און ס׳איז הונגעריק דאָס קינד.

ס'זיפצט דער היטער
און ער היט ווייטער
דעם פרעמדן ווייץ, אין געשוואָלענעם זאק,
ס'ציטערט די קעלט.
ס'פייפט צו דער ווינט
און דער היטער פון דאָרף.

*1933.*

# ס׳כראָפּעט די זײג

ס׳כראָפּעט די זײג
אין דער האַנט פֿונעם אַרבעטער
אָן שלאָף און אָן טריט
און אַ הונגעריקע בײסט זי
מיט שטאָלענע צײן
דאָס האַרץ פֿון דער ברעט.

און די ברעט װײנט:
איך בין אַ ריפּ
פֿון די ריפּן,
פֿון שטאָלצן טענענבױמס
פֿונעם װאַלד.
און אַצינד אָן אָפּגעשניטענער,
װערט פֿון מיר אַ זעסל...[1]

ס׳כראָפּעט די זײג
אין דער האַנט פֿונעם אַרבעטער,
װעלכן אַ מידן
רוט אַפּ דער חלום
אױף דער פּלושענער שטול
װי דער בעל־הבית
האָט זײן גאַנץ לעבן געװאַקסן.

*1935.*

[1] אַ בענקל

# ווייַסער הונגער

ער וואנדערט דער הונגער
ווי א הייליקער
צווישן לעבעדיקע מענטשן,
אָנגעטון אין קליידער
„פון סאמעט
און פון זייד.‟
און טענהט
איך בין זאט...

ער וואנדערט דער הונגער,
צווישן מענטשן,
און גרויסט זיך, מיט א געהויבענעם קאָפּ.
און אונטערווייל עכס
קנייפּט ער די באק
ס'זאָל זיך אים האלטן
די פארב...

ס'וואנדערט דער הונגער,
א צוגיעקעמטער
מיט גאָלדענע האָר,
מיט הימל־בלאָע אויגן.
און נארט אָפּ
מיט פארביסענע ליפּן,
מיט שמייכל אויפן מויל —
פארטריקנט און פארשמאכט.

ס׳וואַנדערט דער הונגער
צווישן מענטשן
אין געשטאַלט פון אַ מענטש,
מיט אַ הוילן גוף,
און רייזט איבער דער וועלט,
אַ שטאָלציער
און אַ זאַטער...

*1935.*

# שפאניע — 1936

טויזנט אָפיצירן,
אוראלטע קאוואלירן,
קעמפער מיט ווינטמילן,
האָבן ארויסגעצויגן זייערע הילצערנע שווערדן
און אָנהייבן אָן אָנגרייף
קעגן דעם צוואנציקסטן דור
איז זיי געקומען אין געדאנק.
זיי האָבן אָנגעהויבן אָנצינדן
שייטערהויפנס פון שטרוי.
און אויפשטעלן העקאטאָמבן
פון שטעקעלעך־שוועבעלעך

פון ריזיקע קאנאָנען געפורעמטע פון קארטאָן
זאָלן וואַרפן באָמבעס —
קיילעכלעך פון פאפיר
און זייער האלב־אינזלישע צונג,[1]
וועלכע הענגט אינעם ים,
און שפייט מיט קאלטן־פייער,
האָבן זיי ארויסגעשטעקט דער מענטשהייט.
און זייער אייגענעם פאָלק
אין צייכן פון פאראכטונג.

[1] האלבאינזלישע — אין צונג פאָרם

און אין דער בלינדער נאַכט פונעם פאַרשטאַנד
זענען זיי אַוועק,
דורך קלויסטערס און הייליקע ערטער.
זאָלן אויסגראָבן קאַסטעלן
מיט איינגעשלאָפענע פּרינצן,
און זאָלן גנבענען צירונג
ביי פאַרפוילטע מלכים.
און אַזוי אָנגעקליידט,
זענען די הונדערט פאַר פאַרשטעלטער
אַוועק
צו וואַנדערן אין לאַנד.

אָבער אַ פיינטלעכע האַנט,
אויסגעשטרעקט פונעם דרויסן,
אַן אומריינע — שוואַרצקינסטלערישע האַנט,
האָט איבערגעמאַכט פאַר די טויזנט קאַוואַלירן,
אין ריזיקע קאַנאָנען און פייגל פון שטאָל,
די ביקסן פונעם קאַרנאַוואַל,
און האָט געגעבן דעם ערשטן סיגנאַל וועגן מאָרד,
און דום נייעם און פרייען שפּאַניען.

און די טויזנט אָפיצירן
אוראַלטע קאַוואַלירן.
דעקאָרירט מיט בלעכלעך
אויסגעשניטענע פון פישקעלעך סאַרדינען
און טראָגנדיק אַלס פאָנען
צלמים,
אין נאָמען פון טאַטן און זון.
האָבן געשאָסן
אין די צען מיליאָנען ברידער.

פון פארבאָרגענע לעכער,
פון די פינצטערע היילן,
קומט אָן אויפהער
פון באנדיטן געצילט,
דער שטראָם
פון מערדערישע באָמבעס,
וועלכע צעברעכן זיך
אויפן קאָפ פון שפאניען.
און פון איר קעמפער מיט וונדן
גיסן זיך איבער צוויי קוואלן:
איינער פון טרערן
און אנדערער פון בלוט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די טויזנט אָפיצירן
אוראלטע קאוואלירן
די קעמפער מיט ווינטמילן
האָבן ארויסגעצויגן זייערע הילצערנע שווערדן,
און אָנהייבן אָנגרייפן,
קעגן דעם צוואָנציקסטן דור,
איז זיי געקומען אין געדאנק...

# מײַן זון

מיין זון,
ווען די שליעכטע שעה וועט שלאָגן,
ווען מענטשן דעם גיהנום
פון שנאה וועלן צינדן
ווען דער ברודער, דעם ברודער
צום טויט וועט פארקויפן
זאָלסטו מיין זון
נישט צילן אין דיין ברודער!

מיין זון,
ווען דו וועסט דערזען א סימפטאָם
פון מערדעריי ארייגעכאפטן
טיף אין וערד־קיילעך,
ווען ס׳וועלן שאלן די קאנאָנען
דעם מארש פון משוגעת,
זאָלסט מיין זון
נישט צילן אין דעם מענטש!

מיין זון,
ווען ס׳וועט די גאָרנע[1] שאלן
וועל איך ארויסגיין פאָרויס
צו קעמפן קעגן דיר.

[1] גאָרנע — טרומייטער

אויב ווּעסט צילן, ווּעסטו טריפן —
אין דער ברוסט, וואָס האָסט געזויגן.
און מיין בלוט ווּעט אייביק —
צו דיר שרייען:

מיין זון,
איך בין די אלטע טערא
כ'האָב דיך ניט געבוירן און דערצויגן
זאָלסט בייסן ווי א וואָלף.
דיין ברודער גלייך ווי דיך
האָב איך געטראָגן אין מיין בויך
און כ'האָב אים דערנערט
ביי מיין ברוסט פון ערד!

# גאָלדענער שטויב

גאָלדענער שטויב!
גאָלדענער שטויב!
זיפּ דיך פון דער רעשעטע,
פון דער רעשעטע פון הימל
און מיש דיך אויס מיטן רעגן
זאָלסט ווערן א זויערטייג
און פון דעם זויערטייג א ברויט
אויף צו זעטיקן די אויגן.

גאָלדענער שטויב!
גאָלדענער שטויב!
פלי ארויס פון אוצר
און די ערד פארשיט אונדז.
און זאָלסט לויטערן די קוואלן
און זאָלסט פאלן אין קערניצעס
זאָלן שקלאפן טרינקען ס'וואסער
און עס אויסגיסן פאר די הארן.

גאָלדענער שטויב!
גאָלדענער שטויב!
רייס דיך פון דער זון
זאָלסט אונדז אָנפולן די ימען
און זאָלסט לעשן דעם וועלטס דורשט
און זאָלסט דערטרענקען דעם וועזנס ליד.
אז ס'זאָלן וועגן וועלטן גאָלד
א ברעקל שטויב פון ערד.

## טרוים

איך פיל ווי מיין גוף איז
גרינג ווי א פארע
איך רייט איבער הימל
אויף כאַמעט פון כמארע.

דערהייבט זיך מיין גייסט
אויף פליגל און פליט
וויגנדיק דורות
אין ריטם פון ליד.

די אויגן מיר ברענען,
פון פלאם איז מיין בליק
די טריט אויף די כוואליעס
איך טראָג ווי א בריק.

מיר דאכט ס׳איז די ערד
א גאָלדענער האָרן.
דאָס גראָז איז פון בלומען
פון לאָרבער דער דאָרן.

ס׳זענען מלכים —
מיט דינערשאפט גלייכע.
די קארליקעס ריזן
די אָרעמע רייכע.

דאָס לעבן איז טויט,
דער טויט איז אויך לעבן,
דער הימל איז אָפּגרונט,
די לויטערקייט — נעפּל.

דאָס אויג איז פאַרבלענדט
פאַרדומפּן דער גערוך.
געדאַנק איז אַ בראַטן
געשמאַק איז אַ יויך...

דער מענטש איז אַ דעמב
די האָר זענען שטרוי.
די ליבע איז אַ שלאַנג
און עפּל — די פרוי.

גאָט איז דער טייפל,
הייליק איז דער רוח.
און די זון, אויסגעלאָשן,
נעמט פון דער ערד די ליכט...

# א בריוו דער מאמען

מאמע איך בין אויפסניי א קינד.
און מיין קול, איז א שוואכער פכינק.[1]

היינט האָט זיך מיר פרעווידעט דיין בילד
וואָס האָט געקוקט אויף מיר
פארלוירן אין געדאנקען.
איך ווייס נישט פארוואָס
האָסט אויסגעזען ווי א יונגע פרוי.
און איך,
האָב מיך געזען אויפסניי דיין קינד,
אין עלטער פון פיר יאָר.

מאמע,
ווען דו וואָלסט וויסן
וואָס איך טראכט איצט וועגן דיר...
איבער צייט און איבער ווייטקייט
זע איך דיך,
מיט דיינע געפלאָכטענע שווארצע האָר
פון זייד.
ווי די גרייטסט צו, געאיילט,
ביים פריפּעטשיק
אונדזער שפייז, פון גאָרנישט...

מאמע, איך דערמאָן מיך
ווי פון דיין געווינערן־בעט

[1] שטיל געוויין

האָסטו מיך נישט, קיין איין מינוט,
פונעם אויג פארלוירן.
וויפל האָסטו דעמלט זיך געמוסרט
וואָס האָסט נאָך געבראכט
א ברודערל... א מויל...

מאמע, מאמע,
וויפל, איך בענק און —
ס׳טוט מיר באנג נאָך יענער צייט.

ווי מאמע,
וויפל איך קוויל מיך
וואָס כ׳האָב מיך געקלאָגט צומאָל,
אין שטוב, אין וועלכער
ס׳איז פרעמד געווען דאָס גליק...
אוי!
מיר דאכט, אז איך זע דיך נאָך היינט,
ווי די וויינסט,
מיט טרערן וועלכע גראָבן
ווי אייזן
אויף די באקן.

מאמע.
איך בין אויפסניי א קינד
און מיין קול איז א שוואכער פכינק[1]
וואָס וואָלט איך נישט געגעבן,
איך זאָל קענען קומען דיך צערטליען
און דיר זאָגן מאמע.
איבער צייט און איבער ווייטקייט

[1] שטיל געוויין

זאָל איך קענען קומען
מיט די דלאָניעס, דיר צו שוינען,
פון דער הארטער ערד,
די שפּאַן.
און איך זאָל דיר,
די פינגער פון דיינע זויבערע פיס —
פון א הייליקער
קושן.

# מיליטעריש פּאָסט־קאַרטל

ס׳איז דער זעקסטער מאָנאַט
זינט איך בין פון דער היים
און כ׳בענק נאָך דיר,
די לעצטע נאַכט
האָב איך דיך מיט דאָרשטיקייט
געחלומט,
ביז די גאָרנע האָט געשאַלט
דאָס דערוואַכן פון באַגינען.

היינט אין פעלד
האָב איך דיך דערזען.
א רייטנדיקע אויף א סטויג,
און איך בין אויך געווען מיט דיר.
ווייסט,
אז אָן דיר בין איך א תל
און דער רימעט[1]
איז מיר גראָם...

און מיין ביקס,
זאָלסט זען ווי שטאָלץ זי איז,
און ווי געשיקט איך האַלט זי
אין איין צערטלען, אין איין גלעטן.
ווייסט
ווי פיל, זי וואָלט דיין קליינעם ברודערל געפעלן

[1] רימעט — רימען

נאָר לאָז... צום שפּילן זיך
וואָלט זי דיר, אויך געפּאַסט...

היינט פאַרנאַכט
האָט אין דער קאַזאַרמע
זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג: מלחמה.
מיר דאַכט
אַז וועגן אַ שטיקל ערד,
און כ׳האָב געלאַכט.
ווייסט...
איך וואָלט נישט געגעבן
פאַרן גאָלד פון דער וועלט
אַ קנעפּעלע אַ קליינס,
פון דיין היטעלע פון פלאַקס...

*1939.*

# פרילינג, פרילינג, פרילינג.

פרילינג, פרילינג, פרילינג,
שטיי באטאָג און באנאכט
ביי מיין פענצטער אין דרויסן.

שטייסט און קלאפסט ביי מיין פענצטער:
— ליד, זון, בלום, אומזיסט.
שווער פון ווינטער מיך דערוועקסט.

ס׳זענען דאָ פייגעלעך אין וואלד
נאָר זייער זינגען איז א געוויין,
וואָס אלע הערצער צעבר׳עכט.
פרילינג, פרילינג, פון א מאָל
א סך וואסערן זענען געריגען
זינט דו ביסט געוואָרן אנטרונען.

פרילינג, פרילינג פון אצינד:
ווינט און רעגן, ווי א מבול,
ווער האָט דיך געבראכט אין וועג.
פרילינג, פרילינג, פרילינג
שטיי באטאָג און באנאכט
ביי מיין פענצטער אין דרויסן!

*1941.*

# די מאמע זאָגט

די מאַמע זאָגט:
אויב דו ליגסט,
האָט מען זיך
אויף דיר פאַרקוקט.

איז דער פיבער —
דיר א קאַלטער
האָט זיך פאַרקוקט
אויף דיר אַן אַלטע.

איז דער פיבער —
דיר א לינדער
האָט זיך פאַרקוקט
אויף דיר א יונגע,

איז דער פיבער —
דיר א קלײנער,
האָט זיך פאַרקוקט
אויף דיר א שײנע.

די מאַמע איז געווען
א גערעכטע
און א טרעפערן
נישט קײן שלעכטע...

די מאמע זאָגט:
ביסטו אויפגעבראכט?
האָט מען צויבער
דיר געמאכט.

קראכט אונטער דיר
די לייטער?
איז דער צויבער
פון א רויטער.

ביסטו פארקראָכן
אין א פלאָנטער?
איז דער צויבער
פון א בלאָנדער.

איז נישט גינסטיק דיר
דער וועטער?
איז דער צויבער
פון א ברונעטער.

די מאמע איז געווען
א גערעכטע,
און א טרעפערן
נישט קיין שלעכט...

די מאמע זאָגט:
ביסטו פארשמאכט

בּעטלערס
חלומסטו באַנאַכט.

אויב דו חלומסט
מאָנטיק אַ גלח
וואַרט אויף דיר
דער שוואַרצער מלאך.

אויב דו חלומסט
מיטוואָך האָרן
וועלן דיר דייַנע
ביינער דאָרן.

אויב דו חלומסט
פרייטאָג אַ מלך
וועט דיר גאָרנישט
זייַן פריילעך...

די מאַמע איז געווען
אַ געריכטע
און אַ טרעפערן
נישט קיין שלעכטע...

די מאַמע זאָגט:
טוסטו דערצערענען,
קומען אַנדערע
דיך לערנען.

פאָלגסטו ניט
דיעם טאטנס רייד.
קומט דאָס מזל
דיר צו שפּעט.

הערסטו נישט
וואָס ס׳זאָגט די שטאָט
וועסטו אָנשפּארן
אין באָד...

באַקומסטו
א מלוכה־מאַן,
ווילן דיך מיידלעך
פאר א מאַן.

די מאמע איז געוועזן
א גערעכטע,
און א טרויעריגן
נישט קיין שלעכטע...

*1940.*

# דריטער חורבן

יעקב גראַפּערן

**1**

ס'איז אויסגעפאלן אין מיטן יאָר יום־כפור
אין בית־המקדש, אויסגעדרייט קיין דרום —
דער כהן־גדול, אויף דער שוועל פון קיפּער
אָן חפצים שטייט, פארשעמט און אָרעם.

די מחנה איז פול באלאגערט פון אדומער
מיט ווילדע הילכן אירע חילות איילן.
דער כהן־גדול, בלייבט אין דינסט א שומר,
ס'ציטערן, פון שונאס טריט, די זיילן.

ס'פארגייט אין בין־השמשות די מנורה.
דער כהן־גדול גיסט דעם אייל פון האָרן,
און צינד ליכטלעך: אויפן פיינט דער בורא,
זאָל אויסגיסן, זאָל דונערן זיין צאָרן!

ער שטייגט אָן פחד, הויך אויף דעם מזבח
געהילט פון קרבנס רויטן פלאמען שלייער:
— זאל שדי אין געשמאק פון אָפּפערס ריח
זיך ווידער קערן אין דעם געשטאלט פון פייער.

**2**

ס'וואכט דער דיכטער־נביא, ווי פארצייטן —
אליין ביי זיך אין טריבן חדר־טוריעם.

און זיס'ע טרוימען קומען אים, פון ווייטן,
אין זאווערוכעס פון געדאנקען־שטורעם.

פון זיינע בלאָע פּיצלעך הימל קליינע —
טראָפּן טוי, ווי לויטערע קריסטאַלן,
אויף די ספרים פון חבר —
מאַרקס און חבר ענגעלס פאַלן.

ס'איז ערב־שבת, שאָטנס פון די לייכטער
ציטערן א בלוט טאַנץ פון פּאָגראָמען.
אויף בלייכע ווענט, ווי גרויזאַמע געזיכטער
מיט שוואַרצע פינגער, שרייבן אָבל־גראַמען.

דרויסן נאַכט. מיט ווילדע קולות רופן —
בלינדע קונים, פאַר דער בעסטע סחורה:
— די רויבער פון די אותיות וואָס טריפן
פון אויגן פון דער ליכטיקייט פון תורה.

3

ס'שוועבט דער דיכטער נביא איבער צייטן,
און אָדלער הענט, אין טריבן חדר טורעם,
בלעטערן מיט דאָרשטיקייט די זייטן
אין האָניק־קלייט, אין בינען־שטאָק מיט ספרים.

דער אויוון ברענט, די רויטע פייער צונגען,
ריידן אויס די קינדער פון עקדות.

— קרבנות רייניקע ! און גיהנום־מיילער שלינגען...
דער זייגער הענגט, גיעקרייציקט, פאר איין עדות.

ס׳טאָגט. טונקעלע וואָלקן אין רוים פארפליען
און ערד א ווייליקע שאָקלט זיך ספאסמאָדיש
די אָבות דאָרט, אויף יענער וועלט זיך מיען,
זאָגן וויגן טויטע שמות קדיש.

אין היכל ביי דעם דיכטער־נביא, אומריינע,
שווערע טריט פון פינצטערע וואנדאלן,
אויפן אש פון ספרים פון גאון —
מארקס און פון גאון ענגעלס פאלן.

*1939.*

# זיבעטער נאָוועמבער

אין טיפן הארבסט האָט פרילינג־זון געשיינט
און מילד דאָס טריבע וואלד מיט גרינס געבענטשט.
אריינגעהויכט דעם מוט פון ארבעטס־מענטש,
האָט מאָרגן־גאנג, דעם ריזיק גרויסן היינט.

מיט לעצטער קראפט, אין טויטן נאכט־קאָשמאר
געאמפּערט זיך פון גרויזאמען דערשטיקן,
האָט אָפּגעטרייסלט ס׳פאָלק פון זיין רוקן,
די משרתים פונעם לעצטן צאר.

ס׳האָט ס׳פאָלק דערוואכט, ס׳איז אומגעהויער גרויס
זיין מאכט, זי גאפט די שררים־וועלט פארוואונדערט.
זיין קול — איין קול. א דונער־שלאג: אצינדערט:
זיין וועג — איין וועג. א מבול שטראָם: פאָרויס!

גערעכטיקייט, געקומען איז דיין צייט.
די רויטע פאָן זי פלאטערט אין דעם רוים.
פאר פרייהייט דראנג, נישטאָ אזא מיט צוים.
פאר היינט, וואָס מישט געשיכטע בלעטלעך ווײַט...

# קרענק און רפואה

איך בין קראנק
פון דער אָרעמקייט־קרענק.
און אירע זאַמען
זענען אַלעמענס קראנקהייט
אין דער וועלט.
פון דער קרענק
ליידן די סטאדיעס פון דער ערד
און די רפואָה האלטן פאסטעכער
אין קיפערטן פארשלאָסן.

כ׳האָב מיך, אלעמאָל, פאר יעדן
פון מיין קרענק, באקלאָגט
פאר די גרויסע דאָקטוירים
פאר די גרעסטע געלערנטע.
נאָר וויי!
קיין איינער האָט זיך ניט באמיט
אויסצורייסן מיט די וואָרצלען
דאָס שלעכטס.

כ׳האָב ביטער געוויינט
און כ׳בין נאקעט געשטאנען
אין מיטן דער וועלט.

זאָלן מענטשן זעען
מיינע פאַרבלאָטעטעביילן,
זאָלן זיי פילן אין דער נשמה,
די פלעקן פון שאַנד.

און קיינער, קיינער
האָט מיר נישט געהאָלפן.
און קיינער האָט מיר נישט
פאַרבינדן די ווונדן.
ס'זענען די קראַנקע סטאַדעס
געפליגן פאַרשמאַכט.
ס'האָבן די פאַסטעכער געלאַכט
און האָבן מיך באַשפיגן.

בין איך געשטיגן
ווי אַ וויכער אין דער ווייט.
אין קעגנערשאַפט דעם שטורעם ווינט,
און דעם טיפן גרינעם אָפּגרונט.
און כ'האָב געזען
ווי דער בליץ האָט אויסגעהאַקט
אין די בלייענע וואָלקנס
אַ לויטערע סטעזשקע.

## זשיו־ליד [1]

יענע זיבן ביטערע טעג,
אויפן שניי פאַרווייעטן־וועג,
ווער קען, ווער, פאַרגעסן ?
ברידער, ווי די הינט פאַרשמאַכט,
האָבן שונאים אויסגעלאַכט
האָט דער פראָסט געפרעסן.

מיט די לאַפּעטעס די שווערע —
אין די פאַרפרוירענע פינגער זייערע,
האָבן אין שניי געוועליטן.
און די גאַנצע האַרעוואַניע
פלעג א ווינט אָן טענה ומענה,
איבער נאַכט פאַרשיטן.

ס'איז דער זשיו פאַרשטימט געווען
זיין ברויז דאָרט: א שטיל געוויין —
פון קליגנענדיקע טענער.
ס'האָבן אים פעלזן־בערג דאָס מויל —
אָנגעפּולט מיט ליים אין טאָל —
געוואָרפן הויפנס שטיינער.

אין יענע זיבן ביטערע טעג
הרגענען און שלאָגן פלעג

[1] זשיו — א קאָנצענטראַציע לאַגער

ניעבן לאגער־טויער —
דער הענקער. אין איר בלאָען ציעלט,
האָט א ווײַליע זיך די וועלט
א דריי געטון קאפויער...

# מסדה

אויף די חורבות פון מסדה
זידט אַן אויפהער
דאס יידישע בלוט,
ס׳פארגאָסענע ווי וואסער
מיט אייגענע הענט:
ס׳זאָל פון שונאים
נישט ווערן פארשוועכט,
ס׳זאָל פון פרעמדע
נישט ווערן געשענדט.

אויף די חורבות פון מסדה
שטורעמט נאָך אלץ
ווי דאָס כוואליען פון ים
דער פלאטער פון פליגל
פון דער יידישע גבורה:
ס׳זאָל נישט פארטויבן
קיין דונער דאָס געשריי.
ס׳זאָל ניט פארהוילן —
די ביינער, די קבורה...

אויף די חורבות פון מסדה
הערט זיך עד־היום
דאָס געוויין פון דער חתונה,
ווי די כתובה איז געשריבן

מיט דעם שאַרף פון דעם שווערד:
ס'זאָלן די טעכטער
באַהיטן זיין פון שפּאָט
ס'זאָלן די זין
נישט לעקן די ערד.

אויף די חורבות פון מסדה
שטייט אויסגעקריצט
מיט גליענדיקע שטריכן
דער איידעלער צייכן
פון אוראַלטן יחוס:
ס'זאָל צום דערמאָרדן
נישט דינען איר נאָמען,
ס'זאָלן פאַרבאָטן מלחמות
אירע לוחות.

אויף די חורבות פון מסדה
מישן זיך ווייט
די געשיכטע־בלעטער
מיט די העלדישע מעשים,
פונעם יידישן רום:
ס'זאָל אויף איר דענקמאָל
אויפלייכטן דער נר־תמיד,
ס'זאָל אויף איר רו־אָרט
אויפבליען די בלום.

# צוויי שפּראַכן

צוויי שפּראַכן, צוויי וווּנדער, איין פֿאָלק,
איין גוף און איין נשמה זיך שמידן.
אין איין ריי, זאָלן הערצער פֿון יידן —
דערלעבן דערגיין צו א טאָלק.

צוויי שפּראַכן, צוויי שטערן, איין שיין.
מיט דאָפּלטן חן פֿון א צווילינג.
געהיט שוין פֿון פּיין און פֿאַרטילינג
זאָלן יידישע מענטשן שוין זיין.

צוויי שפּראַכן, צוויי זאָמען, איין פֿעלד
אויף טויזנטער שאלות. איין ענטפֿער:
זאָל בײַשטיין דעם היינטיקן קעמפֿער
דער אוראַלטער יידישער העלד.

צוויי שפּראַכן, צוויי זיילן, איין געוויסן,
צום געזונט און צום לעבן דעם כלל:
די ערשטע, איז דער אייביקער קוואַל,
די צווייטע, דער בוים פֿון דעם וויסן...

# צו אַן אָדלער

לאָז אראָפּ אָדלער, דיין חוצפּהדיקן קאָפּ
זאָלסט זען דעם פּיין פון א גרויזאמער מפּלה.
וואָס האָט דיך געטראָפן.
און פון דיין צעשמעטערטער ברוסט
זאָלסטו טריפן בלוט
אויפן העלדישן מונדיר, פון דעם ערשטן שיסער.

זע!
דיין אויג, ווי א שטימפּיקע שפּיז
וועט פּרוּוון איין מאָל דורכדרינגען דעם נעפּל —
פון דיין משוגעת
אז זאָלסט שליידערן, אין איינעם מיט דיין פּגר,
דיין שטאָלץ,
און זאָלסט דיר פאַראויס זען דיין קעניגלעכע ענדע.

ווייל ס'קומט אָן דיין טויט, ער קומט באנאכט,
ער זאָל דיין קרוין אין טיפן גרוב פאַרוואַרפן,
און דיין גוף פאַרניערעט אין שוועבל
וועט ער שלעפּן אויף די קני,
אין פייער פון גיהנום.
ער זאָל דיר דאָרט, דיין פליגלען פאַרסמאָלען.

אומזיסט וועסטו אקעגן שטעלן א שנאָבל מיט נעגל,
דער שונא איז אייזערנער לייב —

מיט פליגלען פון שטאָל.
ער וועט דיך זוכן און שליידערן פון הימל,
אין שווארצע טאָלן.
אז זאָלסט דאָרט ביטער אָפקומען, פאר ביטערע זינד.

און וועסט באצאָלן דעם שטייער פון דער שאנד,
אן אייביק געפאנגענער,
און וועסט זיך צעגיין פון רחמנות
פאר דיין שיקזאל,
אַנווירדיקער אומגליקלעכער אָדלער
און פון דער בלאָטע
וועסטו צוריקרופן דיין פארגאנגענעם פראכט.

הער!
אנטלויף צוריק און שטיי נישט מער,
צו ווארטן אויף דער חיה, אויף אירע שארפע ציין.
אנדערע הימלען זוך דיר.
זוך דיר אנדערע רוימען,
און באקלאָג דיך נישט.
ווייל ביסט באזיגט אין דיין אייגענעם לאנד!

*1941.*

# אויפבוי

## די שטאָט אָטעמט

די שטאָט אָטעמט אָפּ אין אירע גערטנער
און לופטערט זיך אין די סאָלארן.
יאָ אָטעמען, נישט אָטעמען,
ווען פלעג עס, אמאָל ארן?

געווען דעם אדלס בליק פארנעמען
אין פראכט פון זיינע בלום־אלייען.
פון זיין האָב, אויף גרינע דאטשעס
איז פארטון געווען אין פרייען[1] —
דער געדאנק פון די באָיארן.

די שטאָט אָטעמט אָפּ אין אירע גערטנער.
און לופטערט זיך אין די סאָלארן,
ווער קען וועמען היינט אין שימל,
אין פארדומפנקייט פארשפארן?

ס׳שטורעמט דער פארצוימטער דעך,
ס׳שטראָמט דאָס בלוט פון פאָלק געצאפטע,

[1] פרייען — פארווײלונגען

זיעגעֶן כוואליע און ווינט וואָס קערן,
ווי הושענות אָפגעקלאפטע,
שטייפע בלוט־דאָרשטיקע הערן.

די שטאָט אָטעמט אָפּ אין אירע גערטנער
און לופטערט זיך אין די סאָלארן.
ווער קען דעם ארבעטער אצינד
אין כלומרשט... פרייער שקלאפן נעץ פארנארן ?

## לענינס געבורטסטאָג

ס׳איז לענינס געבורטסטאָג
אויף מאָסקאָווער גאסן
ווי כוואַליעס זיך טראָגן
די ארבעטער מאסן,
געוויגטע אין שטורעם פון פרייד.
פון קרעמלינער פענצטער
שטראלן זיך גיסן.
און ארבעטער פעלקער —
פרייע געניסן
פון לענינס ווארעמע רייד.

ס׳איז לענינס געבורטסטאָג
פון גרויסן פארבאנד
לענין באקאנטמאכט
זיין פרידלעכן לאנדס
מעכטיקן אויפבויונג־פלאן.
און צינדט אין קאָרעא,
אין וויעטנאם, אין כינע,
די ליבע צו שלום,
צו שלאכטן די שנאה,
לענינס קול פון טיטאן.

ס׳איז לענינס געבורטסטאָג
ווי א פילם־שטיק צערודערט:
לענין פארשיקט

אין סיביר־סטעפּן, פּיבּערט,
לענין אין קאַמף אין דער פרײַ
ווי ס׳קאַפּעלע טוי,
ווי ס׳ליכט־קערל לויטער
ווי ס׳לעבן אין קאַמף:
פון זײַן קלאַס אויפגעבויטער,
איז זײַן לערע, געלאַזט דער פּאַרטײַ.

ס׳איז לענינס געבורטסטאָג
און לענינס אַרמײַער,
געפּרוווטע אין וואַסער
געפּרוווטע אין פײַער,
אין רײַ מיט דעם פעלד און פאַבריק.
מאַרשירן פאַראײנטע
אײן גוף אײן נשמה
זענען כּוח פון שלום
אַקעגן מלחמה —
לענינס. און לענין איז זײער גליק.

ס׳איז לענינס געבורטסטאָג
מיט שאָטן־געווערן,
לאַקערן שונאים
צו פאַרלעשן זײַן שטערן,
צו פאַרנעפּלען, צו פאַרכמאַרען זײַן זון.
צעררײַסט דאָס וואָרט לענינס
אין קראַפט פון זײער שטורעם
אין מזרח, אין מערב,
אין צפון, אין דרום.
דאָס שפּינוועב, פון פײַנטלעכער שפּין...

ס׳איז לעגינס געבורטסטאָג
ביי קרעמלינער טויער
שטייט לענין... פון מענטשן
פון נייע דער בויער —
פון גרויסן אָקטאָבער געבראכט.
און פארטיי זיין טרייער
לערער און שילער,
און פארטיי זיין ערלעכער
צוואָה פארפולער
ציט פון לענינען זיין קראפט.

# די באפרייאונגס ארמיי

אויף וועגן פארשפרייטע מיט ריזיקע קאַצן
באבלומטע מיט אויגן, פארשטארטע וואָס גלאַצן,
געוועבטע, פון אָדערן, מוסקלען, געמאָלן,
מיט פיס אויסגעגליטשטע, מיט הענט וואָס באצאָלן...
און געפארבט מיט בלוט, וואָס אויף שטאָטישע גאסן,
האָבן פרייער אן אנדערס, אומשולדיקס פארגאָסן —
מארשירט האָט, באגלייט פון נצחון געשריי
מעכטיק און זינגרייך, די באפרייאונגס ארמיי.

אויף טייכן — געדעקטע מיט אייזערנע בריקן,
פארשפרייטע אויף טאנקן קראנקע מסוכן,
געפלאסטערטע מיט שארבנס, מיט גלידער, מיט פינגער,
פון ברענגער פון נויט, פון ליידן, פון הונגער.
און געזוימטע מיט קערפערס פון רוצחים, פארעטער,
פון פליער שליחים פון טויט, נישט פון רעטער —
מארשירט האָט באגלייט פון נצחון געשריי
מעכטיק און זיגרייך, די באפרייאונגס ארמיי.

אויף גאסן — באצירטע מיט פראכטפולע בויגן,
געשאפן פון פאַנען אויף הייזער געצויגן,
געפלאָכטן פון קראנצן, פון לאָרבער, פון בלומען,
פון אותיות וואָס פורעמען־אויס ליבנס נאָמען
און באלויכטן פון דאנקבארע גליקלעכע בליקן.

וואָס טוען די שענסטע גיעדאנקען אויסדריקן —
מארשירט האָט באגלייט פון נצחון גיעשריי
מעכטיק און זיגרייך, די באפרייאונגס ארמיי.

אויף לענדער — פארהילטע מיט טונקעליע כמארעס
פארחושכטע אין שאָטן פון רוביערישע פרעהס
פארשאָטנטע פון פראקן, פון פאָלקס אונטערדריקער,
די ארביעטער צאפער, זויגער דערשטיקער,
און פארניעפלטע אין לעצטן געוועב פון נקמה —
מארשירט האָט באגלייט מיט נצחון געשריי
מעכטיק אין זיגרייך, די באפרייאונגס ארמיי.

*1945.*

# דער כוס של אליהו

צעלייגט איז אויפן הסב ב׳עט
דער מלך רבי יהודה.
ער פּראווּעט מיט דער מלכּה
יהודית, שוין די סעודה.

די פּרינצן און די פּרינצעסן
זיי האָבן מער קיין טענה.
פאַרמאַכט איז די הגדה
און אויס די מה־נשתנה.

ס׳איז דער טיש, א שולחן־ערוך,
די בלעטלעך — מוציא — מצה
דער האַרבער כריין — א גאון,
די פּעטרעשקע — א פּאַיאַצע.

דער מרור — א קטגור,
מליצים — די חרוסת
דער כוס של אליהו
א דרשן, פאַר די כוסות.

היי! גלעזלעך קליין און גרויסע
פון אַלערליי קאָלירן,

אײַער גורל איז זיך לאָזן
פון נשיקת־פּה פאַרפירן —

פון פלאַטערנדיקע ליפּן
אין תּאווה — רויט געשמינקען
וואָס גלוסט אײַך מיטן מײַן
דאָס בלוט אײַך אויסצוטרינקען.

אין גיהנום־פלאַם פון פײַערדיקע
קושן אײַך צו צאַפּן
אײַער אָרעמע חיונה־זאַפט
ביז לעצטן, מינצטן טראָפּן.

דערפאַר, לײַדט איר פון קנאה־פּײַן
און זענט אראָפּ פון זינען.
איר האָט ס׳געוויסן זיך פאַרפלעקט
מיט כּעס און שנאת־חינם.

פון זינט דאָס לעבן איז געבוירן
און די וועלט איז באַשאַפן
איז אַלצדינג דאָ פאַר הערשער
און ס׳גאָר נישטאָ פאַר שקלאַפן.

אַרבעטער פאַרזייען ווײץ
און פלאַנצן אײַן קאַפּריסן,
דער בעל־הבית זאָל פון ברויט
און ווײַן אַליין געניסן.

און כאַטשע איך בין אײערער
א ברודער בלוט און מילעך,
דעם חילוק צווישן מיר און אײך
קלאָר באַווײַזן וויל איך.

איך האָב ליב מײַן בעל־הבית,
ממש תכלית אהבה,
ער איז אײדל, ער איז גוט,
ער איז גאָר נישט קײן בעל גאווה.

ער לאָזט מיך רוען, נישט מוטשעט מיך
ער טוט מײַן גוף נישט נאָגן
ער האָט קײן מויל צום זויגן
און צום זויפן נישט קײן מאָגן.

דערפאַר איך שטענדיק גוט זע אויס
מיט שײנע רויטע באַקן,
כ'בין שטאָלץ, איך שטײ מיר אויסגעשטרעקט
מיטן האַרטן האַלדז און נאַקן.

אין צײַט ווען איר ליגט לײדיקע
ווי טויטע־קערפּערס שאַרבן.
און האָט אין אײך קײן לעבן מער.
איר זאָלט נאָך דאַרפן שטאַרבן.

בײַ די ווערטער עפענען זיך
ברײט די טיר און טויער.

און ס׳קומט דער אורח אָן, פֿארשטעלט —
אין קליידער פֿון א פּויער.

טופּקענדיק מיט שווערן שטעקן
ענטפֿערט ער דעם, „תּם מה הוא אומר״
אויף א נייע פּוסטע קשיא
מיטן אַן אַלטן קל וחומר.

נאָך דעם טרינקט ער ס׳מויל אין כּוס.
און זאָגט דערביי א תּפֿילה.
וואָס איך ברענג זיין נאָמען דאָ
בעט אים טויזנט מאָל מחילה.

דעם נביא, ווייל א משל, איז א משל —
און דער עיקר,
וואָס מ׳ווייסט אז אליהו
איז חלילה נישט קיין שיכּור.

אין קערה לאַכט די פּעטרעשקע.
דער מרור, די חרוסת —
שטופּן זיך און ס׳האַלטן
ביי די בייכער זיך די כּוסות.

דער כּוס־של אליהו
דער בעל־דרשן א פֿארשעמטער
געפֿאַלן איז, געבליבן דאָרט
א טשערעפּ א געליימטער.

ס׳א קלאָריער מוסר־השכל:
ס׳איז א שוטה, און עם־האָרץ,
א יעדיער פוניעם פאָלק
וואָס האָט בטחון צון א פריץ.

*1945.*

# נייער ריטם

קלינג!
קלאנג!
קלינגט דאָס צונגל פון דעם גלאָק
צעררייסנדיק די ברוסט פון טומל,
און דאָס הארץ פון דעם ראָבאָט.
קלינג! קלאנג!

קלינג!
קלאנג!
קלינגט דאָס צונגל פון דעם וואָרט.
בישעוועדיק אין די סקריפטן,
פארמעט פון דעם אלטן סאָרט.
קלינג! קלאנג!

קלינג!
קלאנג!
פונעם הויכן הימל חלל
דורך די כוואליעס פון דעם רוים,
פאלט אראָפּ די שארף פון שטאָל
קלינג! קלאנג!

קלינג!
קלאנג!

מיט דעם געלויף פון א באַליד,
באגראָבט דער פליגל פוניעם ווינט
דעם אלטן ריטם פון דעם ליד.
קלינג! קלאנג!

קלינג!
קלאנג!
קלינגט פריילעך אין זיין גאנג
איבער אומענדלעכער וועלט
דער נייער ריטם פון געזאנג,
קלינג! קלאנג!

# ערשטער מיי — יאָר 1947

הײַנט האָבן אויפגעבליט,
ווי קנאָספּן פון רויזן־בלומען, רויט,
די בלעטלעך פון אַלע לוחות
פון דערמאָנונג האָבן זיך צעגאָסן
ווי מורמלדיקע קוואַלן
די פרישע מײַ גערוכן,
און ס׳הערט זיך אַ שטילער שאָרך
דאָס דעכען פון דעם צפון־ווינט —
דער וועלט אָטעם.

אין אַלע עקן וועלט,
אין שטעטלעך און שטעט
מאַרשירן זײַ די בני אדם :
ווײַסע, שוואַרצע און געל הויטיקע.
באַלויכטענע פון פלאַמענדיקע פאָנען.
וואָס פירן
פאַראויס און פאַראויס,
ווי וויכער־געשטאַלטן
פון עמוד האש און עמוד הענן.
ס׳שטייט גרייט,
אויף די גרינע פרילינג קאַצן,
פאַרבערייט דער שלום טיש.
ווי בעלי־בתים, דרײַ גרויסע
פראַווען אַ פּעטן שלוש סעודות,
ס׳לעקן אומרײַנע שרצים־אורחים
די ביינדלעך פון ליגן און חניפות.

און ס׳גענִיסט פון אליערליי
— ביטערע, ווייניקע, זוויערע און טערפּקע —
ווערטער־פּירות
דער וועלט געוויסן...

היינט עפענען זיך ווי אייזערנע טויערן
די טאָוולען פון דעם טיטאַנען בוך.
ווי ס׳ליגן פארהאמערט
אונטער תפיסה מויערן,
שטעכל־דראָטן און שטראַכייטן,
די בלוט פארלאָפענע געשיכטע
פון דער ארבעטער וועלט!
און איינס! צוויי! און דריי!
אין ריטם פון בראשית־שטורעם,
האָט די פאַרכטיקע מני תקל ופרסין האנט
דאָס דריטע זייטל איבערגעמישט.

ס׳צינדן זיך אין די בלאַנקענדיקע שורות,
פון ארבעטער רייען
נקודות און אותיות אָן.
אזוי ווי, זיי האָבן געגליט —
אין חושן ואפוד אמאָל,
און ווייזן און לייכטן אויף שפּעטערע דורות:
אויף היינט.
נאָך דעם,
נאָך יובל פון שמיטות,
נאָך הויפנס קרבנות און בלוט פולע ימן
וועָן,
אין זעטיקן יאָר, מיט זאנג און געזאנגען
וועלן בהמות און חיות פאסען צוזאמען.

דאמאָלס,
ווען אין וועלט וועט באזיגן
דער כוח פון שאפן
וועט אנטריניען דער מענטש פון די אורא͏לטע אפן.
און דאָס ליד טריפט, ווי די פערל
פון פרימאָרגנס טוי.
די נייע ערשטע, צווייטע און דריטע גֶעבאָט:

נישטאָ מער ווי דער ערשטער, אין מאָנאט, א טאָג,
נישטאָ נאָך א מאָנאט אין יאָר ווי דער מיי,
נישטאָ מער ווי ס׳שאפן, אין דער וועלט א בייטראָג,
נישטאָ מער אין לעבן א רעכט, ווי זיין פריי.

און דאָס ליד זעצט פאָר:
— ס׳איז אצינד ערשט דער אמתער זמן מתן תורה!

# אן אָוונט

אן אָוונט איז היינט אין הויז ביי די לערער
וואָס פאָרן דאָרט וועלטער צום גראַם.
אליין זיך די זינגער, און אליין די צוהערער
און מ׳טרעפט אין די לידער קיין פגם.

ווער פון די חברים וועט ביי אונדז זיגן.
מיט עפּעס א שיינעם איינפאל.
וועט ער פון דער יונגעטשקער לערערקע קריגן,
א שיינע מתנה, א מעדאל.

די יונגעטשקע לערערן מיט קויל־שווארצע אויגן
וואָס ברענען ווי פאקורע, אויף די בערג.
ווי א הערש איז געשטיגן, ווי א פויגל איז געפלויגן,
ברענגען דאָס צויבערלעכע ווערק.

ס׳א בלומל געשטיקט פון זילבערנעם סאמעט,
צען לערער זיי ווארטן אלע דום,
ס׳איבערשטייגט זיך אין דיכטן איעדער מלמד,
צו פארדינען די „רעפובליק בלום״.

„ווען מיר האָבן מארקסן און ענגעלסן אין זינען,
געפינט זיך לענין צווישן אונדז״

זאָגט איינ'ער און ס'רופן אַלע אויס: געווינען!
טאַקע אַן ערלעכער איינפאַל א קונץ!

א מאָל וואָלטן אייניקע גענזיכט דאָ א שפּיצל,
צו באַקעמפן דעם זיגער, דעם ייד.
היינט דערלויבט מען זיך נישט א שטענדיק וויצל
אפילו, ס'איז קיין שום אונטערשיד.

דערלאַנגט די לאָרבערקע איר מתנה דעם יידן,
די לערער בלייבן אַלע דום...
אָבער אַלע, איבערצייגטע באַשטימען־צופרידן:
דעם ייד קומט די „רעפּובליק בלום"!

*1949.*

# די פּאַרטיזאַנען פון שלום

די פּאַרטיזאַנען פון שלום זענען געקומען
פון אַלע עקן וועלט צו פליִען,
ווי מחנות, מחנות, זויבער ווייסע
נשמהדיקע, האַרציקע טויבן.
אין דער שטאָט ווי די מויערן פון באַסטיליע
זענען צו דער ערד געפאַלן.
און דאָס אַרבעטער פאָלק האָט פאַרלייגט
אויף אייביק, די הענט, זיי צו בויען.

די פּאַרטיזאַנען פון שלום זענען געקומען
פון אַלע עקן וועלט צו פליִען,
ווי מחנות, מחנות, זויבער ווייסע
נשמהדיקע האַרציקע טויבן.
זיי זענען די אַרבעטער־שליחים,
וואָס ווילן די הענקערס נישט לאָזן
זייער ברויט אין די ימים פאַרשפּרייטן,
זייער היים, מיט אַטאָם־באָמבעס צעשטערן.

די פּאַרטיזאַנען פון שלום זענען געקומען
פון אַלע עקן וועלט צו פליִען.
ווי מחנות, מחנות, זויבער ווייסע
נשמהדיקע האַרציקע טויבן.
זייער וואָרעם. היימלישעס וואָרקען,
ווי׳ס שאַלן פון שטענדיקן פרידן,

שטייגט איבער דעם רוף צו מלחמה,
וואָס ס׳גרילצן די טונקעלע ראָבן.

די פּאַרטיזאַנען פון שלום זענען געקומען
פון אַלע עקן וועלט צו פליען,
ווי מחנות, מחנות זויבער ווייסע
נשמהדיקע האַרציקע טויבן.
און די ריזיקע קופּעס מיט געלטער
רייען זיך ,עטלעכע ווערקעם,
וואָס קריכן אַרום און זיי וואַרטן
טויטע געדעריעם פאַרדייען.

די פּאַרטיזאַנען פון שלום זענען געקומען
פון אַלע עקן וועלט צו פליען,
ווי מחנות, מחנות זויבער ווייסע
נשמהדיקע — האַרציקע טויבן
ס׳לויערן חיות אויף דער וועלט.
וואָס הייס בלוט און קאַלטן שווייס זויפן,
וואָס מאַרעך און פלייש מענשלעכס פרעסן
און רופן זיך אויכעט אַן מענטשן...

די פּאַרטיזאַנער פון שלום זענען געקומען
פון אַלע עקן וועלט צו פליען,
ווי מחנות, מחנות זויבער ווייסע
נשמהדיקע, האַרציקע טויבן,
מאַרשירן פּאַראַבעלטע מאַמעס
שטעלן זיך די שלאַכטן אַקעגן,
מיט שטורעם פון ווייטיק און יאָמער
מיט וועלדער פון צאַמען און קברים.

די פּאַרטיזאַנען פון שלום זענען געקומען
פון אַלע עקן וועלט צו פליען,
ווי מחנות, מחנות זויבער ווייסע
נשמהדיקע, האַרציקע טויבן.
די אַרבעטער פעלקער זיי שפּעטן,
זיי לאָזן זיך אויס פון די הענקער
וואָס גלייבן, נאָך היינט, זיי פאַרוואַנדלען
אין פלייש פאַרן מויל פון קאַנאָנען.

די פּאַרטיזאַנען פון שלום זענען געקומען
פון אַלע עקן וועלט צו פליען
ווי מחנות, מחנות, זויבער ווייסע
נשמהדיקע, האַרציקע טויבן,
זיי דאַרפן קיין פּעסער, די געסט,
וועגן דער פרידן אסיפה,
זיי טראָגן די פאַקלען פון אמת.
און דער אמת רייזט אָן פאַפירן...

# ציון

ס׳האָבן ציון דיינ׳ע פּ׳עלדער
ג׳עטרונקיען טראָפּנס שווייס פון קנעכט,
אין דעם קלאנג פון תהלים לידער
פלעגן דורות זיי פארוויגן.
און שלוחים דיינע קומען
בריענג׳ען, פאר דיעם פאָלק תיקון,
אין דיעם נאָמען פון פארשקלאפונג
און פון עקספּלאָאטירונג רעכט.

ס׳הייבן אָן שוין אונטערגיין,
אין דיעם רוים, די נעכט פון גלות
און דו ביסט אויפסניי געבוירן
ווי א פעניקס פונעם אש.
ס׳האָט דער טראָט פון דיינ׳ע מחנות
אויף דיער וועלט געמאכט א ריעש.
און געזאנגיען איבערשטייגן
דאָס געוויין פון דיינע אל־מלא׳ס.

ס׳האָט דיין בלאָער שטערן צייכן
מיט דיעם זעקסטן זייטער זייל,
אויפן האלז פון דיינע טעכטער
אויסגעצירט א מגן־דוד.
און דיעם שגנא׳ס געלע לאטע
האָט דיר אָנגעטון דער כבוד

זאָלסט פאַר זעקס מיליאָנען טויטע
זיין דער ציל, פון מערדער־פייל.

ווען ס'האָט דער פעלקער־שיענקער,
וואָס צעטיילט און וואָס ריעגירט,
אָנגעררייצט אויף דיר די שבטים
פון ס'עמיטישיע אראבער,
איז אין מזרח אויפגעגאנגען
זון, פון ליכטיקן מאָרגן.
וואָס האָט פריין פעלקער רייען
אין דער שטרייף פון ליכט געפירט.

ערשט האָט זיך דער אדל־העלד
אָנגעשארפט די וואָלפן־ציין,
און געפּרוווט דיך צו פארציקן.
פון דער לענדער סטאַדעסלאַנד
נאָר דער קעמפער פאר דער פרייהייט
מוטיקער קעמפער
האָט אין פנים פון דער חיה,
געוואָרפן פון דער שולד דעם שטיין.

זענען אָבער אויפגעשטאַנען
אייניקלעך פון פרומע לייט.
פון פארשטעלטע פריצים, די
וואָס זיי פלעגן דעם ערב־רב,
אָן רחמנות, ס'בלוט אויסזויגן
און דעם שווייס, זיי אָן א סוף —
צאַפּן, און זיין גייסט פאַריאָגן
אין אוראלטער ווילדער צייט.

זענען אויפגעגאנגען אלע
פון דעם אלטן שטאם און יחוס
זאָלן קויפן אין דיין נאָמען
סחורה: דעם שאפנדיקן קלאַס,
מיט געצאָלטס פון זילבער
מיט דער פרייז פון שווערן מס,
און פארקויפן אים
שווארצן פראַק־צילינדער רוחות.

זענען אויפגעגאנגען אלע —
די באטריגער און פארעטער
וואָס זיי פלעגן ווי די רינדער
דאָס פאָלק רירן עולה רגל.
און אליין אין די געצעלטן
בוקן זיך צום גאָלד פון עגל,
דינען צו דעם רויבער ממון
און צו זיינע פופן־געטער.

ס׳איז דאָס פאָלק היינט אויפגעשטאנען
פון זיין טיפן שקלאפן שלאָף.
און די אייניקלעך פון פריצים
זיך באדינען מיט זיין נאָמען
כדי, דעם מוח אים פארמישן
כדי געדאנקען אים פארסמען.

כדי אים אויף מלחמה אלטארן,
אויפצוברענגען ווי א שאָף.
ס׳האָבן ציון דיינע פעלדער
געטרינקען טראָפנס שווייס פון קנעכט,

אין דעם קלאַנג פון תהלים־לידער
פליען דורות זיי פאַרוויגן.
און שלוחים דיינע קומען
ברענגען פאַר דעם פאָלק אַ תיקון.
אין דעם נאָמען פון פאַרשקלאַפונג,
און פון עקספּלאָאַטירונג רעכט.

*1948.*

# דער פונק

פון ג׳עוואלדיקן אויסבראַך,
אין רוישנדיקן שטור׳עם
ווי אין צוזאמ׳ענשטויס פון פעלדזן,
געשפריצט האָט דער פונק.

אין נ׳עכט אויסגעצאָמטע
פון טויט־קאלטן טורעם,
געווען איז אויף צייטן
אויף נייע, דער ווינק...

דער פונק האָט אין קוואל
פון זיין ליכט אָנג׳עטרונקען,
מאסן פארזינקענע
אין נעפל׳ען־געציר.

אין ליכטיקייט זייערס
געווען איז געטונק׳ען
דאָס אָפגעדרוקטע בלאט
אויף ציגייער פאפיר...

# אין לעבענס בוך

אין לעבנס־בוך
שפרייזט דער הירזיק־פּינטל ערד
איינגעהילט אין כמאַרעס גאָזע,
ביי די גרעניצן פון מאָרגן
און נאַכט אַפּאַטעאָזע,

ווי היטער טיטאַנען,
אין געדעכטיקייט געגירט,
אין גילדענע קרענצלעך
מיט שנירלעך בערג געצירט,
לייכטן מיט גייסטיקן באַגינען
די באַלקאַנען.

# פורים ליד

א פריילעך פורים-ליד דעם פאָלק
איז היינט צו שאפן מיר גןעלונגען,
נישט איינשלעפן אים אין וויג,
נאָר צו וועקן, אים דאָס זינגען.

רוף איך דורך די ווינט שלוחים
פון דער וועלט, צו אליע דיכטער:
זאָלן קומען, אָן די קרוגן,
פון די ויין־געזאנגען, ניכטער.

ס'האָט קיין זין דאָס שכרות, ס'פּאָיען.
ביי דעם גראם און לידל־שענקער,
וויפל צייט ס'לעבן: המן
און די פרייע פאלקערס הענקער.

מ'קען קיין וונדן נישט פארבינדן
מיט פאפיר פון מאסקן־בעלער.
ס'איז מער פון המנען געפערלעך
דער באהאלטענער פארשטעלער.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

א פריילעך פורים־ליד דעם פאָלק.
איז היינט צו שאפן מיר געלונגען.
נישט אנטשלעפן אים אין וויג.
נאָר צו וועקן אים דאָס זינגען.

# ווי אין לעגענדע

...ביים סמבטיון־טייך אין הרי־חשך־בעדג.
לעבן זיי די בני משה.
מיט אייגענעם שאפן, מיט אייגענעם ווערק,
מאכן אויף דער וועלט זיי א רושם.

ס׳ברענט זייער זון, ס׳פלאמט זייער פאָן.
ווי ס׳בלוט, וואָס טרינקט אָן זייער וועזן.
מיט זייער מחשבה, פון קדמונים אָן,
זענען זיי אין דעם לאנד שוין געוועזן.

אין אייגענע שיפן, אויף אייגענער באן
זיי רייזן איבער ימן און וועגן,
ס׳קען דען געמאָלט זיין, מ׳איז דען פאראן
זאָל ווער, זיי זיך שטעלן אקעגן.

די כמארעס זיי מוזן דעם העלישן בליץ
שיקן לויט פארטיקע פלענער
דער רעגן מוז קומען באנאכט טון א שפריץ
נאָר איידער ס׳קרייען די הענער.

דער קלוגער קאָמביין, דער געשיקטער טראקטאָר
זיי מוזן אויספירן באפעלן,

דיער אקיער, דער דרועש, די מאָסן לייגט פאַר
און ס'טאַר נישט קיין ריטשקעלע פעלן.

אויף פעלדער די תבואה אויף ביימער די פרוכט
זיי מוזן זיך באקן אין האַניק,
די טרויבן אנטלייען דער לופט זייער גערוך
און ס'וואסער, אין קוואלן איז ווייניק.

א בינען שטאָק זשומען, אין פאבריקן דאָרט זידן
און געמיש פון אָר'עמס מיט שטראלן,
זענען זייערע הערצער געפילן פון פרידן
און שופרות וואָס שלום־רוף שאלן.

און זייערע דיכטער און קינסטלער פארשטיין
די שפראך פון דער צייט און זיי קענען.
לערנען א גליענדיק בלאט, מיט קליינע,
אותיות וואָס פליען און ברענען...

# ווי אזוי

ווי אזוי,
ווען מען קענען פארשטיין
דעם פריצייטיקן טויט
פון דער געליבטער
וועלכע איז געבוירן געוואָרן
אין דעם געדאנק פונעם דיכטער
וועלכער,
האָט איר געזיכט
קיינמאָל נישט געזען ?
ווי אזוי ?

ווי אזוי,
ווען מען קענען מיטפילן
די אָרעמע כלה
וועלכע,
דער רויטער פלאמען־שלייער פון קאלעך־אויוון,
האָט אומגעבראכט
נאָך איידער זי האָט איר פנים
פון דעם ווייסן צניעות־שלייער אויפגעדעקט.
ווי אזוי?

ווי אזוי,
ווען מען קענען אָפּשאצן
אלע, מיינע פארברענטע

זעקס מיליאָנען אותיות־כתבים,
אקעגן די זעקס מיליאָנען קרבנות,
פון דעם יידישן פאָלק,
וועלכע זענען, אויכעט,
דורכן גרויזאמען פארניכטונג־פייער אומגעקומען ?
ווי אזוי ?

# דאָס וואָגיקע וואָרט

מיינע קינדער סאָניע און אלין

פאראנען אין שפראך, אין אוראלטיער, א וואָרט,
וואָס שטאמט פונעם בעסטן און הייליקסטן סאָרט.

דאָס וואָרט הייבט זיך אָן מיט דעם ערשטן אות
און מיט דעם לעצטן, לאָזט עס זיך אויס.

די צאָל פון בוכשטאבן, וואָס גייען אין ריי
זענען נישט מער און נישט ווייניקער פון דריי.

און צוגלייך מיטן ערשטן און לעצטן געבאָט,
שפּעפּשטעון אייניקע, דאָס וואָרט ווי א סוד...

אין ווי נאָר מ׳דערמאנט דאס וואָגיקע וואָרט
ווי שפינוועב, פארשווינד, דער שקר פון אָרט.

און דעם דאָזיקן וואונדער רופט מען: „דער אמת"
און דער דאָזיקער וואונדער זאָגט נאָר דעם אמת.

און ווייל מ׳קען נישט דעם אמת צעטיילן,
שעמען זיך אייניקע דעם אמת אויסוויילן.

ווייל דאָס וואָגיקיע וואָרט מיטן דרייאיקן צייכן
ניט קענען מיט אייגענעם שכל דערגרייכן.

און זיי זאָגן גיכער, אַן אמת א האלבן
וואָס לייגט זיך אויס אין גאַנצע דריי זילבן.

נאָר האלבער אמת, ווי שקר איז אָרעם,
ווי א קללה, וואָס דער וועלט, שיקט אַן דעם שטורעם.

ווי דאָס זוניקע גאָלד, אין קלאָרן הימל־בלאָ
איז דער אמת, דאָס וואָרט דאָס וואָגיקע: דאָ!

# פרי און שפּעט

צוויי
זענען זיי,
דער פאַרפריִעטער
וועלכער האָט מורא פאַר צו שפּעט.
און דער פאַרשפּעטיקער
וועלכער האָט מורא פאַר צו פרי.

קומט דער פאַרפריִעטער
פון דער אַרבעט צו רו,
אין דער צייט ווען דער פאַרשפּעטיקטער
פּוסט און פּאַס גייט.

דער ערשטער ווייסט
אַז זיין פּלאַץ,
וועט אים קיינער נישט ברענגען,
ווי מ'זאָגט,
אויף אַ טאַץ.

אָבער דער צווייטער ווייסט,
אַז פאַר אים וואַרט דער אויבן אָן,
און זאָל ער, בכבודו ובעצמו, וואַרטן אויף אַנדערע,
שטייט זיין טאַטן נישט אָן...

פרעגט דער פארשפּעטיקטער:
— וואָס איילסטו זיך אזוי ברידערציו,
פארהאלט דיר, אויף א ווײלע,
די ספּאליאַשעטע פערד...
און לאָמיר זיך ביידע פארווײלן, אָט דאָ,
וויו!...

לאכט דער פארפריִעטער,
און לויפט ווייטער פארסאפּעט
און דאנקט זיין ליבן נאָמען
וואָס ער האָט ביליק אנסקאָפּעט:[1]

— מיך, דעם פארפריִעטן
וואָס כ׳האָב מורא צו פארשפּעטיקן,
וועט מען נישט קיין פארשפּעטיקן דערלויבן,
אָבער דיך פארשפּעטיקטער,
וואָס האָסט מורא,
זאָלסט דיך חלילה ניט פארפריִען,
וועט מען פארן פארשפּעטיקן נאָך לויבן...

[1] דיך געראטעוועט

# ליבע

## סארא

סארא,
פריינדין אין מאנטל פון שטערן
ס׳ווארט זאָלסט אים וועקן, א מידער, דער אָוונט.
ווי דער בלאָער פויגל,
דאָס מייסטערישע ליד,
זאָלסטו זינגען, זאָל אנטשלעפן אים, טיף דאָס געזאנג,
אמאָל, מיט דער צייט,
סארא,
פריינדין אין מאנטל פון שטערן
וועט אויך מיין נשמה אנטשלעפן דער אָוונט.

סארא,
געליבטע אין הימל־בלאָען שלייער,
ס׳רופט דיך פון פלאמיקן ים, דער פארנאכט
אויף לינדן פליגל
זאָל קומען דיין דעך,
זאָל דיר לעשן דאָס פייער פון ליבע, דער שטורעם.
אין נישט גינסטיקער, צייט,
סארא,
געליבטע אין הימל־בלאָען שלייער,
וועט אויך מיין ליבע פארלעשן, דער פארנאכט.

סארא,
ליבסטע מיטן געשטערנטן קלייד
ס׳ווארט אויף דיר, דער געצינדענער זון אונטערגאנג,
אין שווארצן שלאָפּצימער
ביי דיין קאלטער ברוסט
זאָלסט אים לייגן און פארהילן, אין שאָטן פון טויט.
אויך מיינע טעג,
סארא,
אויסגעלאסענע, אין געשטערנטן קלייד,
וועלן פארגיין, ווי דער זון אונטערגאנג.

סארא,
פרעמדע, אין געשפרענקלטע גאָזע,
ס׳רופט דיך, ביי גסיסה, דער אָפּגאנג פון טאָג,
אין זיידענעם טיכל,
א פארבליבענעם שטראל,
זאָלסטו אויסבאהאלטן, פאר קומענדיקע טעג.
אמאָל, מיט דער צייט,
סארא,
פרעמדע אין געשפרנקלטע גאָזע
וועט מיין לעבן זיין, ווי דער אָפּגאנג פון טאָג.

סארא,
פיינדין, אין מאנטל פון שטערן,
ס׳ווארט, זאָלסט אים וויגן, א מידער, דער אָוונט.
ווי דער בלאָער פויגל
דאָס מייסטערישע ליד
זאָלסט זינגען, איינשלעפן אים טיף, דאָס געזאנג,
א מאָל מיט דער צייט,
סארא,
פיינדין אין מאנטל פון שטערן,
וועט אויך מיין נשמה איינשלעפן דער אָוונט.

# אין האלבער נאכט

...אויף א בעט דרינגט אריין א שטראל
און צערטלט
ווי א קלאָרער שמייכל פון שטערן,
פון יענע
וועלכע וואכן.

צווישן שויבן און פאָרהאַנגען,
קומט פאַמעלעך דער געדאנק,
און קושט ווי א שמעטערלינג,
דאָס הייסע יונגפרוישע געשטאלט,
וועלכע אין ווייסן בעטגעוואנט
אים טרוימט...

# צו א גרינעם טויער

גרינער טויער,
גרינער טויער,
וואָס באהאלטסט אויגן נאָך מער גרינע
נאָר דו ווייסט ווי אזוי
זיך פארלירט אין זיי מיין וויזן.
ווי אין א צויבער טיפן ים.

גרינער טויער,
גרויסער טויער,
נאָר דו ווייסט וויפל מאָל
ביי דעם אָנרירן די קלאמקע.
האָב איך געציטערט, און שפאצירט.
אינעם דרויסן ביז אין טאָג.

גרינער טויער,
שווערער טויער,
וואָס געליבטע אויגן מיר פארשטעלסט.
אפשר בעט איך, זיי אויפדעקן
און זאָלסט מער נישט שטיין פארמאכט
צווישן מיר און צווישן זיי.

גרינער טויער,
שיינער טויער,

וואָלסט געקענט איר יעדות זאָגן:
אַז מיין גאַנצער וועזן אַכט זי
און ס'איז קיינער נישט געווען,
ביז אַצינד, אַזוי פאַרליבט!...

# ווי אידעאל

אין אויסגעטראכטן וואנדער
פון דער לבנה שפראך.
אין שפיץ פון דעם קוש
דעם טיף איינגעקריצטן,
האָב איך געשפילט אויף סטרונעס,
פון דיין געפאנצערט לייב.
דעם טריל, פון דעם געזאנג —
דעם נייעם, נישט געניצטן.

ביי די שווארצע ברעגן,
אין דעם זעניט פון טינט,
ווי צוויי צויבער פענעו
געטינקענע אין טוי —
האָבן מיר, אויף גרויסע
כוואליעס געשריבן,
בריוולעך באבלומטע
מיט דיין האנט פון פרוי.

אין קאליעך פון לבנה
— דער שפיגל פון דער נאכט —
האָב איך דערזען דיין פנים
מיט גריבעלעך פון חן.
און איך האָב, צור לבנה
כאפן דיך, געאיילט,

מיט אָרעמס פעסטע און פיס —
גוועטראָגענע אליין.

מיט שטראלן־שטריק האָסטו,
געבונדן מיינע פליגלען
און זייער פלי פארהאמערט
מיט בליי און שטיין־געמישט.
און דיינע פויסטן, גיכע —
אין פיינטלעכע געווערן,
האָבן אָנגעצונדן —
די פונקען פונעם קוש.

מיט די טריט — פארשוויגטע
אין דער שטילקייטס־קאַצן,
אין שיפל, ווי באגינען
האָט אונדז געוויגט א מייל.
בין איך געגאנגען א לאנגן
שטרייף, אין פלאם פון ווײ,
וואָס שטראלט פון דיין געשטאלט —
שיין ווי א אידעאל.

# דער וואלד איז צעפלאָסן

כ'האָב דיך נישט געוואָלט דערצערענען,
טייערע חברטע,
די נאכט
אונטער דער שווארציער קאָלדרע —
פון נעפּל.
ליגט קראנק,
און איז פארוויינט אזוי ווי דו,
ווי דער קנאָספּ, אין טוי —
געבלומט אין דער פרי.

כ'האָב דיך נישט געוואָלט דערצערענען
טייערע חברטע,
אינדרויסן שטייעןביימער און גראָזן צעגרינטע.
און ס'זוניקן די בלומען
און בליִעטער פארבאָרגן
אזוי ווי דער צויבער
פון דיין באליידיקט געזיכט...

כ'האָב דיך נישט געוואָלט דערצערעניען
טייערע חברטע,
ווי ס'שטוינען די רויזן און די קרינען...
און דער רוים, און דער הימל
— אָקעאן אין א שטורעם —
איז דער אומרו פון דיינע
פארכמורעטע אויגן.

כ׳האָב דיך נישט געוואָלט דערצערענען
טייערע חברטע,
הער,
ווי דער ים רוישט אין דער הויל.
די ריזיקע כוואַליעס
זענען געדאַנקען צו דיר —
געשיקטע פון מיין שטורמישן וועזן...

כ׳האָב דיך נישט געוואָלט דערצערענען
טייערע חברטע,
צעפלאָסן איז דער וואַלד,
און ס׳וואַרט אינעם טאָל,
דאָס ליד פון דער נאַכטיגאַל,
דעם פריילעך געשיפּטשעטן טריל
פון דיין מויל.

כ׳האָב דיך נישט געוואָלט דערצערענען
טייערע חברטע,
איך פאַרלאַנג פרידן,
מיינע קני זיך פאַרבייגן: זיי פאַרציי...
ס׳איז מיין ליבע דער משכון, מיינע יאָרן דער ערב,
אַז איך זאָל דיך צערטלען,
אַז דו זאָלסט מיך קריגן...

# שורות אין ליכט

וו׳עגן דיר טייערוער קרוב
ווועל איך מיין הארץ עפ׳ענען ברייט
ווי א מויל פון אן אָפּגרונט,
און איך ווועל לאָזן די טיפּע ווונדן
זאָלסט זיי מיר פארבינדן,
זאָלסט זיי מיר פארלינד׳ערן:
איך זאָל קעניען איין אויגנבליק פארגעסן
מיין וויי,
ד׳ער וועלטס וויי.

איך ווע׳ל לאָזן מיין צ׳ערוד׳ערטן קאָפּ
ער זאָל אויף דיינ|ע קני רוען,
און אויף מיין שטערן,
זאָלן ריינע פינג׳ער, שפּילנדיק —
אויסג׳עפינען
די פארבאָרג׳ענע צייכנס, פונ׳עם לעבן
פונ׳עם מארטיר׳ערשאפט...

ס׳וו׳עט זיין
מיין ג׳עדאנק
א שמעט׳ערלינג דיך אָפּצוזוכן,
ווייל ד׳ער ג׳עדאנק אליין
וו|עט מיך שוין בארואיקן.
און איך ווי׳על צערטלען די שטראלן
פון דעם באגינ׳ען —

די גאָלדענע לאָקן
פון דיינע ליכטיקע האָר.

און מיינע אויגן
וועלן זיך מער נישט קענען אראָפּלאָזן.
ווייל דיין מלאָכיש געשטאלט
האָט זיך געשפּיגלט אין זיי.
און זיי וועלן חלומען דעם גאָרטן
אין דעם פארנאכט אָן לבנה,
אין וועלכער
האָסט געלויכטן
מיט טויזנטער ליכט.

און איך וועל כאפּן
דעם פּלאַטער פון דיין שמייכל,
אויף דיינע ליפּן — פּעטאלן
ווי האָניק זיסע.
ווייל איך וועל דיך זען אין זון
מיט שמייכל פון ליכט
און מיין מויל, אין אָטעם פונעם ווינט,
וועט דיך קושן.

# איך ווייס נישט

כ'האָב צוויי חברטעס,
איינע איז א בלאָנדע, די אנדערע א ברונעטקע,
און איך ווייס נישט וועלכע פון זיי איז א שלעכטע
און איך ווייס נישט וועלכע פון זיי איז א גוטע.

כ'האָב צוויי חברטעס,
און איך ווייס נישט וועלכע כ'זאָל ליב האָבן פוןביידע
איינע איז ווי א פרוכט, אין שפּיל פון באַגינען.
איינע איז ווי א בלום אין שכרות פון טוי...

כ'האָב צוויי חברטעס,
און איך ווייס נישט, וועלכע פון זיי האָט מיך ליבערשט.
געשענקט האָב איך איינער א קרענצל פון שטערן
דער אנדערער פון אותיות צילייע איך א שנירל...

כ'האָב צוויי חברטעס,
איינע איז א בלאָנדע די אנדערע א ברונעטקע,
און איך ווייס נישט, וועלכע פון זיי איז אן אמתע,
און איך ווייס נישט וועלכע פון זיי איז א ליגן...

כ'האָב צוויי חברטעס,
און איך ווייס נישט וועלכע איז מיינע פון זיי.
ווייל כ'האָב נאָך איינע אין ווייטן אָנדענק,
און איך ווייס נישט, כ'ליבן, וועלכע פון דריי.

# רויטע פאַנטאַזיע

ס'ציטערט דער ווייַן, בלוטנדיק
אין בעכערס
ווי די אָנגעראויטע הענט
פֿון סערגיי יעסענינען.
וואַרטנדיק
אויף דער פֿרוי, מיט ליפּן פֿון בלוט
זי זאָל קומען אים קושן.

ס'שטייט
דער טיש געגרייט,
און געצונדן דאָס ליכט.
דאָס הויז
איז אין דערוואַרטונגס־פֿיבער
געהילט.
און דער בעל־הבית
איז אין געדאַנקען פֿאַרטון.

דער וועג איז אַ שווערער
ס'אַ ווינט און ס'רעגנט
די זאָרג
טייט די האָפֿענונג פֿון מוח:
אפשר איז איר
געשען עפּעס שלעכטס?

אין פארשטאנד,
איז פארבליבן איינגעקריצט טיף:
ווי זי איז געזעסן נעבן אים
און האָט פארברענגט גוט.

ס'איז געוואָרן טאָג,
און ווידער אמאָל נאכט
און די געליבטע פרוי
איז ואָך נישט געקומען.

אין דרויסן איז קיל...
די לבנה מיט צויבער
קוקט דורכן שלייער
פון כמארע און זייד
ווי אזוי זיך פארבלאָנזשעט
פון א ריי שטערן
איינער, און פאלט —
א באגייסטערונג סיבה...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער דיכטער האָט ביטער געטראכט,
מיטן הארץ:
דער פרוי,
וועלכע, נאָר דיין נשמה האָט ליב.
אויב די גיסט איר אָן ווײַן און גלאָז
ווערט ער זויער...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און דער ווײַן אין די בעכערס
איז געוואָרן פארזויערט...

## עראָס

די קליינע מארגארעטא
דאָס שוואכע און אָרעמבלוטיקע
מיידל פון שאנטאן.
איז, אין אָוונט, פונעם סאלאָן —
אין צימער מיט „אים".

דאָס רויטע ליכט האָט געפינטלט
ווי א אינטערגעשלאָגן אויג,
פון א געפיינקטער שקלאפן.
זי האָט געפילט ס'איר נישט גוט.
נאָר זי האָט זיך פאר אים געהיט
און האָט געלאָזט זיך ליבן...

דאָס האלדזן און דאָס קושן,
האָט געשמעקט מיט פארדישען,
און זויערן געשמאק...
און די קרישלנדיקע גלידער
פוניעם שלאפן מיידל
האָבן געקראַכט אונטער דער וואָג...

מיט א פארבלייכטן געזיכט
איז זי פונעם לעבן פארשווינדן,
אין א לאנגן חלשות.
עראָס, א דערשראָקענער,
האָט געזויגן פארהארטעוועט בלוט
און איז פארשווינדן ווי א „חתן"...

# נעפּל

ס׳זענען די טריט
וועלכע פירן
טיילמאָל גיך
און טיילמאָל פּאַוואָליע,
לאַנגאויס די אומענדלעכע שטיינער —
פון עם טראָטואַר.

אַזוי היינט
אַזוי נעכטן
און מאָרגן ווייטער.

און ס׳זענען
די פאַרשפּעטיקטע דורכגייער,
פאַרבלענדעטע:
פון די באַקן,
די פאַרגיערטע מיט פאַרב,
פון דעם ציטן,
מיטן זיידענעם גלאַנץ —
פון די קליידלעך,
און פון די פאַרדאָרבענע לייבער
פון אונטער זיי.

זיי זענען:
יונגע און אַלטע,

מענער און פרויען,
וועלכע פארקויפן גאָנאָקאָקן
און קויפן,
מיט דער זעלבער פרייז
ספּיראָקעטן...

*1938.*

# באכוס

כ׳האָב דיר געפונען א גלעַנצענדן אמעטיסט,
טרויריקער גייסט פון׳עם פארווײלן...
און ווי א געהייליקטע קרוין,
מיט לעבעדיקן בוכשטאב,
ווידמע איך אים דיר.

איך וויל:
אז טראָפּנס שוים פון באסײנען
זאָלסטו זאמלען,
און זייער גלעטן אויף די ווייסע לייבער,
און אויף העלדזער,
זאָלסטו אָנטון צויבער־שנורן
און זאָלסט פארדולן
זייער זויפערייַ און טאנץ.

און אנטלויפנדיק,
זאָלן דיינע אָלימפּישע דינערנס,
אנסקאָפּן,[1] אויף די קליידונג,
די בעכערס פון ווײַן.
און ווי די ביבלישע סנאָפּן פון שטרוי
זאָלסטו זיי ארומנעמען מיט אָרעם פון פלאַם
און פארוואנדלען
אין סטאַטויען פון אש.

[1] אויסגיסן

# שיר המעלות

שטייגן ארויף צו איר גאניק
דרייצן יונגען,
איינס, צוויי, דריי, פיר —
דרייצן טרעפּ.
קומען מעריב־לידער זינגען,
זייערע קולות זילבער קלינגען.

אירע ליפּן זענען האָניק,
און איר גוף איז א פּאָלאָניק.
ווייסע קנעפּ און שווארצע צעפּ.

שטייען זיי ביי דרייצן שויבן
אויף דער וואך.
שפּארעט[1] אויף דער ווינט, איר טיר,
טוען אלע תפילה גלייך,
זייערע טענער — טרערן־טייך.

אירע באקן זענען רויזן,
אין אירע אָרעמס פלאמען ברויזן.
טאָג שפּאציר, און נאכט פארפיר...

[1] עפנט א ביסל

לייכטן אויף דרייצן שטערן
אין דעם רוים,
— גינגאָלד — ווייס אויף לילא־בלאָ —
בלאַנזען אין דעם הימל־תהום
און קומען אום אין ימים שוים...

אירע אויגן זיבעצן שטערן
און איר הארץ איז פיל באגערן
פרי שעה און שפּעטה שעה.
שטייגן אראָפּ פון איר גאניק
דרייצן יונגען,
איינס, צוויי, דריי, פיר,
דרייצן טרעפּ.
געוועזן שחרית־לידער זינגען
זייערע קולות, זילבער קלינגען.

אירע ליפּן זעגען האָניק,
און איר גוף איז א פּאָלאָניק.
שווארצע קנעפּ און ווייסע צעפּ.

# אומקער

ס׳זעניען אומגעקומען
די ווייסע טויבן פונ׳עם געדאנק.
וועלכע האָבן געטראָגן
די ליבע־בלימלעך —
פון מיר, צום פענצטער פון דער ליבסטער.

ס׳איז אראָפּגעפאלן
די נאכטיגאל פון דער נשמה,
מיט צעקאליטשעטע
פליגל און האלדז,
און ס׳שוין מער נישטאָ, ווער ס׳זאָל איר זינגען.

ס׳האָט אויפגעהערט
דער טויבער בראנד פון גוף
און דאָס הארץ
וויל שוין מער נישט שלאָגן,
אויב ס׳דארף ווידער א מאָל פילן.

ס׳איז געקומען
דער צאָרנדיקער שטורעם,
ער זאָל צעשמעטערן
די גרויסע ליבע.
ווייל די שנאה איז אומגעהויער שטארקער.

און ס'האָט געררופן,
דאָס פארכליאָנעטע מויל פונעם מ'ענטש,
אויפן וועג פונעם אידעאל
וואָס איך פארשפרייט.
און כ'קען מיך ניט אין דער „ליבע" אָנשטויסן.

# פריד

## ביי א פייערונג

ס'איז אדורך גאָטס יאָר — 1960
אויף דער וועלט.
און מיט אים די 50־טע פייערונג
פון מיין געבורט.
און אפשר האָט עמיצער
אין יענעם טאָג,
מיט א זיסער שטימע
מיין נאָמען דערמאָנט
און פאַרגעלעזן מיין פערז.
און דאָס געשעעניש,
איז אדורך אומבאמערקט
אויף דער וועלט.

ס'איז אדורך גאָטס יאָר — 1970,
און מיט אים דער 60־טער פייערונג
פון מיין געבורט.
און אפשר האָט עמיצער
אין יענעם טאָג
מיט א שיינער שטימע
מיין נאָמען דערמאָנט
און פאַרגעלעזן מיין פערז
און דאָס געשעעניש

איז אדורך אומבאמערקט
אויף דער וועלט.

ס'וועט אדורך גאַטס יאָר — 1980
אויף דער וועלט.
און מיט אים דער 70־טער פייערונג
פון מיין געבורט.
און אפשר וועט עמיצער
אין יענעם טאָג,
מיט א קלאָרער שטימע
מיין נאָמען דערמאָנען
און פאַרלעזן מיין פערז.
און דאָס געשעעניש
וועט אדורך אומבאמערקט
אויף דער וועלט.

# יעקב גראָפּער

דער אלטער ריז
— אין יאָרן יונג —
ער האָט ארומגעוואנדערט,
אין העליע גינגאָלדענע טעג.
אין גרויע שטאָט־פארנאכטן.
אין פינצטערניש
פון חורבות — און
אין טיפעניש פון רוים.
האָט געשטראלט זיין פּנים־שיין.
פון שטערן דעם פארטראכטן.

זיין קול, האָט זיס
גערופן, ווי —
דאָס קול פון די כרובים
און חצות האָט ס׳פארשפרייט
איבער ישיבה־בעטלעך.
א ווינט האָט לינד
געאָטעמט אוז —
דער וואלד האָט זיך צעברומט.
און צווייגן האָבן שאָקלענדיק
געמישט גמרא־בלעטלעך.

פון יום־טוב טאָג
ביים קנס־מאָל, מיט —
דער יונגפרוי שולמית
איז ער פארבליבן אייביק

איר געליבטער און איר קנעכט.
ס'האָט דעם תהום
זיין העלער בליק
מיט ליכטיקייט געצונדן
און נשמה־אויגן האָבן דאָרט
געוויינט ווי יאָר־צייט לעכט...

דער אלטער ריז
האָט זיך א מאָל
פויגליש־זיס צעזינגען
און די צויבער טענער
האָבן וועלט פארפולט מיט פרייד...
ס'האָט דער ניגון
מיך פארכאפט
און די זון איז אויך געפאלן
א קרבן פון זיין וונדער ליד.

# תהלים־ליד

פון טיפֿענישן
נעפּלנדיקע און שוואַרצע,
אין װעלכן ס׳מאַטערט זיך
מײן װעזן.
מיט אױגן פֿאַרזיגלט׳ע
אינזיך,
זינג איך דיר
האַרמאָנישע לידער.

און מײן קול
פֿון דײן חן פֿאַרכאַפּט
גיסט זיך
אין דעם געבעט פֿון טריל
און מײן תּפֿילה
אויף ליפּן פֿון אַ קינד
דרינגט דורך
דײן אומזיגבאַרן הימל.

פֿון דײן פֿײַערדיקן גיהנום
שײַלט דיך אױס
מײן גײַסט
אַ פֿאַרפֿאַלענער אין רױם.
מײן װעזן
דערװידערט דיך שאַרף,

און מיין איך,
רופט דיך פון תהום.

און איך דערמאָן דיך,
ביי דיין נאָמען: גאָט!
און כ'וואָרט פארשטיינווערט
זאָלסט קומען אין געהיים.
אין הייליקן נאקעטקייט,
פון אונטערן קלייד
זע איך דיך דורך
קאָליר פון רעגנבויגן.

## סטאַטיסט

קום אריין מיענטש אין גאַטס הויז
און זע!
באוווּנדער איר שטילע הייליקייט
וואָס שוועבט איבערן כלל —
מיטן פארשטארטן
און אויסגעצאַמטן געשטאַלט.

גיי אריין מיענטש
און פארבאהאלטן,
מיש זיך מיט זיי אויס,
קוק אָן
אויגן פארוויינטע
און באקן פון וואקס
און
פארהאלט דיר דעם אָטעם
זאָלסט הערן
ווי ס'קלאָגן מיט זידיקע טרערן
די לעכט.

פארטויבט
פון שרייענדיקע תפילות
קער אום דיין פּנים קיין מערב־זייט
און אנטלויף.

# אויפן דענקמאָל

אויפן דענקמאָל פון מיין דיכטונג,
וועל איך אייביק
וויינען,
לאכן.
ווייל אלע מיינע ליבע ברידער
וועלן זי נישט קענען לייענען.
ווייל די שונאים אויפן לעבן
וועלן מער נישט חוזק מאכן.

אויפן דענקמאָל פון מיין דיכטונג
וועל איך אייביק
זינגען
קלאָגן.
ווייל זי איז מיר אויף א ווייליע
ברענגען אויף דער וועלט געלונגען.
ווייל ס'מיר דעם שטומען טרויער
שוין נישט מעגליך איבערטראָגן.

אויפן דענקמאָל פון מיין דיכטונג
וועל איך אייביק
בענטשן,
שעלטן,

ווייל איך בין דערצו א מענטש
און אויך אנדערע זענען מ׳ענטשן.
ווייל מיך ווילן פיינט פארשטויסן,
מיט מיין ליד, פון ביידע וועלטן.

# איך בין דער

איך בין דער
וועלכער כ׳האָב פארזוכט
פון דעם בעכער פון וויין.
אין וועלכן
א שלעכטע שיקזאליערן,
האָט ארייַנגעשפּיגן גיפט
און האָט אים פארסמט.
איך בין דער
וועלכער איך האָב פארזוכט
פון דעם בעכער פון וויין.

איך בין דער
וועלכער כ׳האָב געטרונקען
פון גלאָז ביז אין דנאָ
אין וועלכן
דער בלוטדורשטיקער דור
האָט אויסגעבראָכן די גאל
און האָט אים פארשוועכט.
איך בין דער
וועלכער כ׳האָב געטרונקען
פון גלאָז ביז איז דנאָ.

# קלאָג

אין די ראַמען פון מיין צימער
איז מיין הימל אָן א זומער,

צווישן טריבע ווענט פארמאַכט,
נאַכט איז טאָג און טאָג איז נאַכט.

שלאָגט א טראָפן רעגן אין שויב,
מאַכט מיך ווי א דונער, טויב.

פליט א פייל פון זונענבויגן
ווערן מיר פארבלענד די אויגן.

כ׳וואָלט דאָס קלאָגן נישט אויפהערן.
סטייען אָבער נישט קיין טרערן.

כ׳וואָלט געקלאָגט פאר יעדן איינעם
זע איך אין דער נאָענט נישט קיינעם.

לעב איך מיט דעם געדאַנק
און מיר טוט אזוי פיל באַנג...

ס׳א וווּנדער וואָס כ׳בין ניט אין גרוב.
און איך לעב, ווייל איך האָב ליב.

ס׳שלעכט, די אויגן וווּען כ׳פארמאך,
און שלעכטער ווען כ׳זיי עפן גלייך.

און נאָר א קערנדל פון רוים
אין פענצטער מיר פּרעווידעט קוים...

# ליד פון טאָג

חברים מיינע און פריינט,
הויך מיטן גלאָז ביז אין הימל!
ס'איז געצייטיקט אין גערטנער די פרוכט
און די זערנעס פון פערזן אין דער סטראָפע.

אויב באשערט איז, אויף שטעגן פון לעבן,
זאָל מארטירער וועג מיר קומען אקעגן.
וועל איך טרינקען ביז ענדע ס'געטראנק,
פון בעכער פון שווערן ווי א קענדל.

# ווי א רײַטער

מיט איר קערפּער פול מיט אויגן
ווועט זי קומען אויף מיר גלאָצן,
מיטן מיין, זי זאָל מיין לייב מיר,
מיט די שוואַרצ'ע נעגל קראַצן.

נאָר איך וועל זי איבערבעטן,
זאָל מיך אויף דער פּלייצע נעמען —
און דער רייזע... ווי א רייטער
טון איר טויטע גריוע קעמען...

# אין א טאָג

מיין צעציליען.

איך וועל זיין,
ווי אן איינצעלנער גראָז
פון דער זון געבראָטן
פונעם ווינט ג׳עמאָלן —
און געקערט.

אן עלנד קערנדל
פון זאמד צי פון לײם
פארלוירן אין ים,
באגראָבן אין דער ערד.

און זי:
פאָרשטעלנדיק
א טרער, צי א שוים,
דערהויבן פונ׳עם זומפ,
אין געוואגטן געפלי,
אויף א בלומעלע שניי,
וועט גרייכן די הייכן,
מאָלנדיק אין רוים
עליפסן פון ליכט...

# ס'וועלן אדורך גיין יאָרן

ס'וועלן אדורך גיין יאָרן
און אונטער דעם קארבן —
פון א שטיין
וועט בלייען, אין געדעכעניש,
א שארבן.

א שארבן, גלייך ווי אנדערע,
וועלכער אין הייכן,
פון צווישן מיריאדן,
וועט טראָגן
א צייכן.

א צייכן, ווי פיל אנדערע
וועלכער, אין דעם וויסן,
וועט ראדיאירן פונעם אומזיין,
שטראלן פון
געוויסן.

# אינהאלט

## באפרייונג



## אויפבוי

## ליבע



## פריד

## פון דעם זעלבן מחבר

דערשינען:

„ארבעטער לידער", פערזן, בוקארעשט 1938

„גאָלדענע שטויב", פערזן, בוקארעשט 1941

„נאכט אונטערגאנג", פערזן, בוקארעשט 1962

„א וועלט פארגייט, א וועלט גייט אויף" פערזן,
בוקארעשט 1965

„א וועלט פארגייט, א וועלט גייט אויף"
צווייטע אויסגאבע 1967

„נייער ריטם" פערזן, בוקארעסט 1969

**טעכנישער רעדאַקטאָר: לעפּאָיעװ סטעפאַן**

דרוק פֿעאיק 29.7.74 דערשינען: 1974. טיראַזש:
65 + 357 פאַפּיר הויכדרוק טיפ A. פאָרמאַט
80/100 ג/מג 64 פּאָלאָגס־בויגן 3,86. טיפּאָגראַ־
פישע־בויגן 9 A/13628, 15.2.74



**Tiparul executat sub comanda**
Nr. 318 la
**Întreprinderea Poligrafică**
**„13 Decembrie 1918",**
**Str. Grigore Alexandrescu nr. 89—97**
**București**
**Republica Socialistă România**

